# קאַנאַדע

פּעריאָדיש-ליטעראַרישער זשורנאַל

רעדאַגירט פון אַ קאָלעגיום

יולי, 1925 | מאנטרעאל | Vol. I, No. 1

א. ש. שקאלניקאוו

# דער נגון פון אַ חלום

פאעמע

---

## מיין נאָמען

.1

מיין סוף וועט אייביק בלוי זיך מויערן —
מיין טויט וועט אייביק דויערן —
מיין נאָמען זאָגט עפּעס צו צום חלום,
מיין נאָמען טראָגט עפּעס צו צום נגון,
און וואַנדערט איבער טעג־שליאַכן ווי אַן אוונט פאַרב
פון איין אונטערגאַנג צו אַ צווייטן אונטערגאַנג,
און קריצט זיך אויס אליין אויף אַלע שטומע שטיינער — — — —

.2

פול מיט שווערן געמיט רוישט מיין הארץ,
זוי אַן אָפּגרונט פון אַן אויפגעוואַכטן טייך.
פול מיט היים־ליכט פייערן מיינע אויגן,
ווי אַנטרונענע שטערן פון דער זון —
ציט עס מיך צו דער ערד אַראָפּ, אַראָפּ,
שטייג איך צו דער ערד,
וויקל זיך מיט ערד —
טיף אין ערד מיט ערד חלום איך אַרויף פון דער ערד
צו מיין נאָמען, וואָס וואַנדערט איבער די טעג־שליאַכן,
ווי דער שיין־טראַכט פון דער לבנה אין וועלטס גוף
און קריצט זיך אויס אליין אויף אַלע שטומע צונגען — — — —

.3

שטומע, טויבע און בלינדע אין האַלב־חלום
ווייסן ווער איך בין, ווייסן מיין נאָמען אין פּיין —
רופן זיי מיך און דעררופן מיך ניט . . .
הערן מיך און דערהערן מיך ניט . . .
זעען מיך און דערזעען מיך ניט . . .
ברומען זיי צו מיר דעם נגון פון זייער חלום פון מיר.
טאַפּן זיי מיט שטעקנס אַן דער ערד דעם וועג צו מיר.
לייגן זיי די אויערן צו די ווענט מיינע.
הערן גאָר די עכאָס פון מיר —
הערן זיי ניט . . . זעען ניט . . . און רעדן ניט . . .
שטויס איך שטאַרקער מיט מיינע פיס די ערד זיי אַנטקעגן,
שטויבאויף, רווישאויף די קלאַנגען פון מיין איינגעשפּאַנטן גוף
ביז דער לעצטער מידקייט מיינער,

ביזן סוף פון זייער ראנגלן זיך מיט מיר
אין באַ'חלומטן לעבן באַ זייער טיר —
פאַלן זיי אוועק ווי האַלב געקווילעטע פון פיין ביים שוועל,
און בעטן אויף זיך דעם שיין פון טויט —
איידער גלויבן אין מיר . . .
איידער האָפן אויף מיר. . .
איידער מיינען אויף מיר — דאָס איז „ער. . . . ער. . . ער. . . דער אמת'ער“. . .
נאָר אין בלויען, קילן באַגינען שטייען זיי אויף אַלע מיינע וועגן.
אויף די ברייטע ראַנגן פון די לאַנגע, באַיאַכטע גאַסן
פון דער אויפגעגאַרנטער, אויפגעטאַנצטער שטאָט.
ווי קלינגענדיקע שפיגלען אין אַלע פאַרבן פון הימלס געמיט:
און קלינגען אויס און רופן אויס אויף אַלע זייטן און וועגן
פון זייערע ווייס בלעכענע קווערטלאַך
מיט קופּער געלט, מיט זילבער געלט, מיט גאָלד געלט—
מיין טויזנט מאָל פאַרטריבענעם נאָמען — —
מיין טויזנט מאָל פאַרשאָלטענעם נאָמען — —
מיין טויזנט מאָל געפאַלשטן נאָמען — —
נאָר אינם טאָג פון אַרבעט געהער איך נאָר זיך. . .
מיינע הענט, מיינע פיס, מיין כח געהער איך,
און בידעווע זיך אויס דעם ברויט פאַר'ן גוף —
אין טאָג פון אַרבעט פון הייליקער עבודה געהער איך נאָר זיך . . . זיך. . .

.4

## דער נגון פון אַ חלום.

אין דער שעה נאָר ווען עס רוען די אַרבעטס־הייזער,
אין דער שעה ווען עס שטומען די הייזעריקע מאַשינען,
די שוואַרץ אַנגעצווינגענע לאַסט־פאַסן פון די פאַריאָגטע רעדער,
וואָס לויפן הין און צוריק מיליאָנען מאָל אַ טאָג —
יאָגן נאָך און זוכן אויס דעם גאַנצן רוים
מיט זייער טיף און הויכפאַרצווייגענעם געזאַנג —
יאָגן און זוכן, זוכן און פאַרלירן, דעם זין פון זוכן — —
אין דער שעה נאָר גייט אויף אין מיר די גוטסקייט, די פרייקייט,
בין איך גוט און פריי, פריי — — —
און ווען מיינע עלנדע, מידע שכנים
רוען שוואַרץ מיט שווערן אָטעם שטאַרע ביי זייער שוועל,
און פילן ניט קיין בייִנקשאַפט און באַנעמען ניט קיין טראַכטן,
און לאָזן אָפּ דעם אייזערנעם ווילן זייערן
אויף אַלע פינסטערע באַראַטן פון זייער פאַרטייעטער נשמה —
אין זייער פוסטער שעה קום איך זיי דערציילן פון זיך,
ווייזן מיין שטראַליגן פנים, מיינע גליִענדיקע אויגן מיט זון,
מיין בלאָנדן קאָפּ, מיין יונג־רויטבלוטיקן לייב,
מיינע אויסגעהיילטע אויסגעלייטערטע וואונדן פון מיינע הענט און פיס,
און לאָז זיך אַראָפּ צו דער שטייניקער ערד ביי זייערע אָפענע טירן,
האַרט צו דער ערד מיטן נאַקעטן לייב,
שטרעק אויס מיינע ווייסע הענט צו זיי
און שריי אויס מיין נאָמען אין הייסע, בלוטיקע אותיות —
ב—ר—ו—ד—ע—ר — אייער ברודער, אייער שכן:

אייער פיין — מיין פיין...
אייער רו — מיין אומרו...
אייער חלום — מיין וואר...
אייער מזל — מיין גורל — — —
ש־א, ש־א — עס שלאפן שוין אלע טרויער־אויגן, אלע מידע הערצער,
אלע שטייפע מיילער און אויערן, אלע געבראכענע הענט און פיס, —
אלע, אלע פון מיין באנאכטיקער עבודה...
אבער די נשמות זייערע? די באפרייטע נשמות אין דער שעה?
— ש—ש—א, ש—א — — — —
עמיצער רירט זיך דארט אין דער קלעפיקער פינסטער
מיט א קינדערש קול, מיט א וויינענדיק קול — — —

.5

## געבורט.

צווישן הימל און ערד איז געבארן די שיין פון דער וועלט.
צווישן לעבן און טויט איז געבארן דער געשריי פון פיין, פון דערלייזונג —
דאס בלוי־קראמפיק לייב פון דער קינפעטארן האט זיך געפרייט:
דאס מויל, די צונג האבן מיט גליק געזונגן צווישן די פארקלעמטע ציין
און די אויגן פול מיט לויטערן צער האבן זיך געריסן צום שטערן־שיין,
וואס איז געבארן רויט צווישן הימל און ערד.
צווישן לעבן און טויט...
באם גאלד־טריפענדיקן שיין פון נאכט אויף טאג, פון גליק און אומגליק,
האט דאס קינפעטארן־ווייב אין היץ פון פרייד, אין קעלט פון פיין געליובט
דעם באיארנטן מאן אירן, דעם מיט די ברייטע פלייצעס און שטארקע הענט,
מיטן בלאסן פארצווייפלטן פנים און טיף צוקנייטשטן שטערן:
דעם גרויס גופ'איקן מאן מיט די שווער־שווארצע לאסטן
פון אומענדליכער זארג,
וואס וואקלט אונטער דער משא פון צענפאכן פיין...
מיט ביטערע טרערן האט זי דעם מאן געליובט, דאס יונג אפגערייפט ווייב
מיט דעם איבערזעטיקטן לייב פון שמעקעדיקער ליבע און זאנפטער תאוה,
ווי א קנאספ אין צייט פון צולומונג נאך א פרימארגן רעגן:
— א, מאן... מאן.. מאן... אומגליקלעכער מאן...

צווישן נאכט און טאג איז געבארן דאס נויט־לעבן...
צווישן טאג און נאכט איז געבארן דער חלום פונם מענטש,
דער שאטן פון פיין, פון אומגליק, דער נגון פון טויט — — —

און אז איך בין געקומען א דערהאפטער, א דערפרייטער
צו דעם ווייבס, דער יונגער מאמעס בעט
א קוק טאן נאך איין מאל אין איר לעב־ליבן פנים,
זען דעם קאליר פון איר שמייכל, די שטראלענדיקע גוטסקייט,
די פארב פון איר פרייד, פון איר גרינגן צארטן גוף,
הערן דעם זיידענעם נגון פון איר סודותדיקן ווארט —
איז שוין געווען פאר מיר נאך דער צייט—שפעט...

.6

בין איך דאך געקומען אין צייט,
אין דער צייט פון שטארבן.
און אז געקומען איז די צייט פון שטארבן
האבן זיך אלע קלארע רגעס, אלע ליכטיקע שעהן
צוקלונגן איבער גאר דער גארער וועלט,
ווי פארזאמטע שלוחים זיינען זיי געקומען צו מיר
ביים אנהויב פון מיין טאג עבודה
רופן מיך זינגן מיט זיי וידוי פאר די שטארבענדיקע פון דער נאכט:
זינג איך, שוים איך מיט הייסע געזאנגען,
מיט בלוטיקע גערדאנקן די וידוי ווערטער פון מיין אייגן לעבן.
וואס צייכענט זיך צווישן הימל און ערד,
צווישן לעבן און טויט,
ווי א ווייסער צייכן ניט באפלעקט — — —

.7

## אויף דער שטארבענדיקער ערד.

גרינג און גרין מיט גאלד באלאדן גייען טעג אויף קברים —
די וועלט ציט מיט אלע אירע שיינען צום בית־עולם . . .
די ערד טראגט אונטער דעם ריח פון איר דופטיקער אייביקייט
דער נשמה, דעם גוף, דעם געדאנק, דעם געפיל —
און איבער אלע צאנקענדיקע געמיטער פלאקערט דער הוילער שכל,
און באזינגט די טעג, די יארן מיט חלום מיט נגון — — — — —

.8

אינם נעבל פון חלום און אמת
בין איך מיט לייב און לעבן נאך דא
יעדער רגע, מינוט און שעה —
אזא וואכער, אזא גרייטער —
אזא געזונטער, אזא שטארקער —
א באיאכטער, נאר מיט פינסטערניש . . .
און טויזנט מאל א פארצווייפעלטער . . .
אן אייביקער חולה . . . אן אייביקער צער . . .
אן אייביקער מום אויף דער נשמה
פון דער איינגעבויגענער צארטער וועלט . . .
און אמאל אזא שמעקענדיקער, א פרישער,
א פרייער, א פרייער
אריבער די שווארצע ברעגן פון דער ערד . . .

# איליאַנע

אין מאַטן פרימאָרגן האָט זיך אויף אייביק ארויסגע׳גנב׳עט איליאַנעס בלאַסע נשמה פון איר גוף און פון דעם קליינעם שטיבל וואָס אונטערן באַרג, און זיך אַוועקגעטראָגן אין דער פאַרטאָגיקער בלוי גרויער ווייטקייט.

גאַנץ אומגעריכט איז דאָס געשען. איליאַנע פלעגט זיך שטענדיק ארומטראָגן מיט אומעדיקע מחשבות וועגן איר פאַרגאַנגענהייט און וועגן איר צוקונפט. אָפט פלעגט זי אין אירע מחשבות אַוועקוואַנדערן פון דער ווירקלאַכקייט אין ווייטע אויסגעטראַכטע וועלטן צו געפינען טרייסט...

לעצטנס האָט איליאַנע געפילט אַ מין מאָדנע שוואַכקייט, און עס איז איר אָנגעקומען אַזוי שווער זיך צו דערטראָגן ביז׳ן שפּיץ באַרג, אָבער זי האָט זיך נישט געקענט דערטראַכטן צו אַזאַ באַלדיקן סוף.

דאָס שטיבל וואָס אונטערן באַרג, און איליאַנע, זענען ביידע געווען ווי איין און די זעלבע זאַך, מ׳האָט זיי נישט געקענט פונאַנדער טיילן, ווייל קיינער האָט ניט געוואוסט דעם חשבון ווי לאַנג זיי ביידע געפינען זיך דאָרט, און פון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען. זייערע נאָנטע שותפים זיינען געווען דער באַרג, און די ארומיקע וועלדער. איליאַנע פלעגט אָפט וואַנדערן אין די וועלדער, אָבער אַמבעסטן האָט זי זיך געפילט אויפן שפּיץ באַרג. דאָרט אין דער הויך פלעגט זי אויסגיסן איר צער אין אומעריקע געזאַנגען. הויך און טיף פלעגט אָפּקלונגען איר שטים און עפּעס אַזוי טרויריק האָט זיך דער נגון געגאָסן פון איר הארץ. קיינמאָל פלעגט זי נישט זינגען דאָס וואָס אַנדערע זינגען, זי מוז אויסזינגען אירע אייגענע לידער, און זיי אַוועקשיקן אין דעם רוים פון פאַרשוואונדענע קולות. אַז זי ווערט מיד, פאַרקלייבט זי זיך צום ברעג באַרג, וואו אַ שאַרפער שטראָם וואַסער גיסט זיך באַרג אַראָפּ, דאָרט זיצענדיק מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן, וועבט זי אירע חלומות וועגן איר יאַן, אים האָט זי בלויז פון וויטן אַמאָל געזען. און דאָך קען זי אים אַזוי גוט, אויף זיין פאַסטוך־פלייט האָט זי אים געהערט שפּילן, האָט זי דאַן זיין הארץ דערפילט. זי האָט קיינמאָל נישט געזען אימיצן אַזוי פריי און ברייט שפּרייזן איבער באַרג און טאָל, און עס דוכט זיך איר, אַז אָט איצט זעט זי אים אויך פון ווייטן צווישן די הויכע געדיכטע דערמבעס, ווי ער געהט זיך אָנגעלענט אַן זיין שווערן שטיץ־שטעקן. און אָט אינם שטילן גערויש פון די בלעטער, אין גאַס פון שטראָם טראָגט זי זיך אַוועק אין אַ לייכטן דרימל, און עס דוכט זיך איר, אַז יאַן זיצט ביי אירע פיס, און שטענדיק ווייסט זי פריער וואָס ער וועט זאָגן. שטיל און הארציק זינגט זי אויס דעם געשפּרעך וואָס זיי האָבן צווישן זיך, און זי חלומ׳ט אויס איר צוקונפט: אינ׳ם זעלבן שטיבל וועלן זיי וואוינען, דעם שייער וועט יאַן איבערבויען ס׳זאָל זיין פּלאַץ פאַר זיינע שאָף, זי זעט שוין די שאָף צוזייט און צושפּרייט איבערן באַרג.

איליאַנע איז אָפט ביין אויף זיך אליין פאַר וואָס זי איז אַזוי אָפּגעפרעמדט פון די ארומיקע דאָרפסמענטשן, און קען זיך מיט זיי נישט צונויפלעבן. אין שניטצייט, אַרבעטענדיק אויפ׳ן פעלד קומט זי זיך מיט זיי צוזאַמען, אָבער זי איז פון זיי אָפּגעפרעמדט, און קוקט אויף זיי פון ווייטן. זי האָט ליב צו זיין מיט זיי אויפ׳ן פעלד, אַלע אַרבעטן אַזוי פלייסיק און זשומען ווי די בינען. זינגען זינגען זיי פון זון אויפגאַנג ביז זון אונטערגאַנג. איליאַנע זינגט קיינמאָל ניט מיט מיט זיי, זי הערט זיך בלויז צו מיט גלאַנ־

ציקע אויגן, פארטרערטע פון א פרעמדער פרייד וואס רינגעלט זי ארום. אפט דוכט זיך איר אז די יונגע שיינע מוידן מיט די לאנגע שווארצע צעפ זינגען כון זיך ארויס א מין אומעדיקע פרייד, וואס בלייבט הייגנען אין דער לופט פון יאר צו יאר. די יונגען שווארץ פון דער זון פארברענטע שפרינגען פון ארט צו ארט ווי די פעלד זשוקעס. איליאנע האט זיי ליב די יונגען, אבער זי האט מורא פאר זיי, בלויז פון ווייטן וויל זי זיי זען. פון ווייטן זיינען זיי איר גאנץ היימיש. פאר יאנ'ן וואלט זי קיינמאל קיין מורא נישט געהאט. און ס'דוכט זיך איר, אז אט באלד וועט ער קומען. ס'קען דאך אנדערש ניט זיין, ער מוז זיכער פילן אז זיווארט דא אויף אים.

א לייכט פרילינג ווינטל האט זיך פון ערגעץ פאר'גנב'עט, און זיך פארביי איר געטראגן פול אנגעלאדן מיט קלארער ליכטיקער פרייד. א מידע און פאר'שיכור'ט פון אירע טרוימען ווארפט זיך איליאנע אויף איר געלעגער. אין שטיבל איז פינסטער, און ווי שטענדיק מורא'דיק שטיל, זי פארמאכט נור די אויגן, טראגט זי זיך שוין אין א שיפל איבער א לויטערן טייך מיט איר יאן, די זון ווארפט מיט הויפנס ליכט, נעמט זיי דער טייך אריין, און פון זיין גלאנציקער פלאך שיקט ער די ליכטיקייט צוריק ארויף. זי און יאן רעדן איצט נישט איינער צום אנדערן, זיי קוקן יעדער פאר זיך, און ווייסן אז זיי זענען דאסזעלבע.

איליאנע האט נישט ליב צו פארברייגנען לאנג אין שטיבל, אין שייער באם וועבשטול פילט זי זיך פרייער. די זון וועבט אירע שטראלן דורך די שייער שפאלטן, און איליאנע וועבט איר פלאקס און חלומות. יאן, טראכט זי, וועט דעם שייער איבערבויען. האלץ איז פאראן אין וואלד גענוג, און אין א שטיל הארציק געזאנג זינגט זי אויס איר אויסגעטראכטע צוקונפט: אין פריי־לינג וועט זייער חתונה זיין, אלץ מוז דאן זיין יונג און ליכטיק; און אט פארווינגט זי אירע קינדער, און צערטעלט זיי מיט הארציקער קינדער־שפראך, וועבט פאר זיי קליידער, און קעמט זייערע לאקן, און אט זיינען זיי שוין אויסגעוואקסן, זי טוט מיט זיי שדוכים, און האט גרויס נחת. און זי קען שוין איר גליקליכע פאנטאזיע ווייטער ניט שפינען. ווען ס'קומען אן אומעטיקע געדאנקען וועגן דער עלטער און דער טרויעריקער ענדע, דאן פאנגט זי ווידער אן פון אנפאנג. ווידער איז זי און יאן יונג, און די קינדער קליין, און זי וויקעלט איבערסניי פאנאנדער אירע פלענער און זעט ווי אזוי זיי צוואוואקסן זיך.

אז די שכנים זעען זי דורך די שייער שפאלטן אין אזא פארחלומטן צושטאנד, זאגן זיי אז זי באהעפט זיך דאן מיט בייזע גייסטער.

דער וועג וואס פירט צום קליינעם שטיבל וואס אונטערן בארג, איז פארשאטן מיט הערבסט בלעטער וואס לייגן זיך אויס איבערן וועג פון יאר צו יאר. די פרישע דעק ברוין פון גאלדענע בלעטער זעען איצט אויס פון ווייטן ווי הויפנס ניס, וואס נעענטער צום שטיבל, ווערט דער וועג ליכטיקער פון די דינע פלאקס שטעקעלאך וואס ברעכן זיך אונטער די פיס.

די ארומיקע פויערים האבן גאנץ געלאסן אויפגענומען די נייס וועגן איליאנעס טויט. מ'איז געקומען, און זי אפארעט. פארפלאכטן אירע לאנגע צעפ, זי אנגעטאן אין שיינע חתונה קליידער, און צוגעגרייט א קרענצל מאטע בלומען. ליגענדיק אין קאסטן האט זיך ערשט ארויסגעזען ווי שען און צארט זי איז, ס'האט אויסגעזען ווי זי וואלט איצט געווען אין א ווייטן לאנד פון גוטע חלומות, און דארט אין דער ווייט שמייכלט זי שטיל... שטיל...

*
* *

כ'באהיינג אמאל א טאג מיינעם
מיט רויטע און מיט בלויע, גרינע סטענגעס,
און פאר ארויס אויף אים ביים וואנט פון מיין שטוב.
דא איז מיין פאלאץ. דא איז מיין פאלאץ
און איך היט אים:
פיינע טרייבן פייערן אויף אים,
היט איך אים,
ער זאל ניט ברענען און ניט אויסשרייען אין נאכט
מיט פלאמען און מיט מורא'ס.

---

נאכט, רוף צונויף דיינע שטערן,
און זינג מיט זיי ארום מיין פאלאץ.
איך וועל ליגן אויף דער ערד, אויף מיין טויטן טאג
און דו וועסט זינגען איבער מיר.
פון מיין מידקייט וועל איך ציען מיינע הענט:
נעם מיך צו, נעם מיך צו.
א קליינעם חלק ערד פארנעם איך.
און מיין טאג איז טויט,
און מיין מזל איז פון לייד צופרעסן
און ער פוילט.

## צו א. ש. שקאלניקאוו

(פון א בריוו)

און —
זאל די באבע קומען פונם קבר,
און אויסשפרייטן א גרויסן טיש פאר אונז אלע.
מיר וועלן קומען ארימע און פאראומגליקטע.
יעדערער זיין שטיקל ברויט מיט זאלץ צו נעמען.
און אונז אלעמען האט אויסגעגליט דאס בייז,
אין בלייכער שיינקייט טוקט זיך אונזער פנים.
די ווייטע און דערווייטערטע . . .
דורך אומגליק אויסגעשטראפטע,
וועלן שפעטע קומען . . . שפעטע, נאכטיקע,
מיט קליינע לאמטערנדלאך אין די הענט,
זיי וועלן קומען נאך זייער זאלץ און ברויט
נאך זייער ברכה צום מזומן . . .

*
* *

שלאף דו בידנער מזל, דו!
שלאף.

אויף די ברעגן פון דיין אנגעזאפטן אומעט
שפאנט ארום דיין אויסגעקרומטער שמייכל
אין א שווייגן. — — —
און וועט שיצן יעדן ווינקל, יעדן שטיין באזונדער.
שלאף דו בידנער מזל, דו!
שלאף, דו בלינדער...
שלאף, דו בלינדער...

אויפ'ן הימל טראגן זיך די וואלקענס מיט'ן רעגן.
וועט דער ווינט היינט אלע טירן פון דיין שטוב פארמאכן.
און א מאמע וועט צום שלאף היינט ניט פארוויגן אירע קינדער.
שלאף דו בידנער מזל, דו!
שלאף, דו בלינדער...
שלאף, דו בלינדער...

הער ניט וואס דער הונט האט זיך צובילט ארויף צום הימל.
און מיט ברענענדיקע אויגן זיינען קעץ צו דיר אין הויף געקומען.
ס'איז דיין אויג ביי דיר אזוי אין פינסטערניש פארשוואומען;
און פאר הונגער ביי דיין שכן וויינען זיינע קינדער...
שלאף דו בידנער מזל, דו!
שלאף, דו בלינדער...
שלאף, דו בלינדער...

# קארמא

קארמא האט צוויי פאר פערד,
ד, יי אקסן, און שעפסן אן א צאל:
קארמא האט גערטנער פול מיט רויזן,
פעלד מיט זאנגען, ווייץ און קארן.
און דו? — — — — — — — —
האסט קליידער: —
הייזער הייכע, קראמען אן א שיעור.

פארט קארמא אין שטאט אריין —
זונטיק פרי אין קלויסטער.
פירט ער בלומען קרענץ,
ווייסן שפין וואל,
און אויף די רעדער זיינע
פרישן מארגן־טוי.
און דו? — — — — — — — —
וואוהין פארסטו, וואוהין? — — — — — —

# אַרמאַנד קאַרטיער

דערציילונג

געווען איז דאס אין אנהויב פון חודש מערץ. און שוין אביסל צו פרי האבן זיך באוויזן סמנים פון אנקומענדיקן פרילינג אין דער בארגיקער געגענט וואו עס האט געוואוינט צייט דורות די פאמיליע קארטיער. און מיט שרעק האבן די איינוואוינער באמערקט, ווי די נעכט ווערן וואס אמאל מילדער און מילדער, ווי יעדן טאג באווייזט זיך די זון, און שיינט מיט כמעט א זומערדיקער ווארימקייט און אז דאס ביסל שניי, וואס געפינט זיך נאך אויף די שטיינערנע שמאלע וועגן, ווערט וואס אמאל נידריקער און נידריקער.

דער ווינטער איז בכלל ניט געווען אזא געראטענער, ווי מען איז געוואוינט געווען צו זען אין אט דער צפונ'דיקער סביבה, און אין א טייל געגענטן איז דער מאנגל אין שניי געווען אזוי גרויס, אז עס האט כמעט אוממעגלאך געמאכט דאס אריבערפירן די אנגעהאקטע קלעצער פון די בארגיקע וועלדער אינ'ם נידריקן לאנד, וואו עסווארטן שוין דארט די גרויסשטאטישע סוחרים וואס וועלן אפקויפן דאס רויע האלץ, אריבערפירן אויף פליטן אין דער נאנטער גרויסער שטאט. און דערנאך דאס שוין פארוואנדלן אין מענטשלאכע באדערפנישן.

ווי א שווערער שווארצער וואלקן איז די זארג געלעגן אויף די געמיטער פון די איינוואוינער, צוזעענדיק ווי זייער פראצע פון א גאנצן ווינטער, וועלכע דארף זיי פארזארגן מיט חיונה אויף דעם גרעסטן טייל פון יאר, ליגט דארט אין די בארגיקע וועלדער. און עס האבן שוין ניט געהאלפן די פילע טרייסטווערטער פון אלטן אדריאן, אז אין די זיבעציק יאר וואס ער געדענקט זיך אין אט דער בארגיקער סביבה, האט נאך ניט געטראפן, אז עס זאל אזוי פרי זומער ווערן... אז עס מוז נאך זיין ווינטער... אז עס וועט נאך אנפאלן גענוג שניי... און די ארבעט וועט נאך געענדיקט ווערן פאר'ן אנקומען פון פרילינג... זיינע טרייסטווערטער האבן אבער ניט געהאט קיין ווירקונג, די געדריקטע שטימונג איז געוואקסן, און געזאגט האבן שוין אלע, אז ער איז שוין אביסל צו אלט, אט דער אלטער אדריאן.

מער פארשטארקט האט זיך נאך זייער פארצווייפלונג, ווען דער יונגער ארמאנד איז איינמאל אהיימגעקומען פון וואלד מיטברענגענדיק אין א בלעכערנעם קענדל א היבשע מאס „סעפ"*) וואס ער האט היינט אפגעצאפט פון א מייפל בוים.

איצט איז שוין בא אלעמען קלאר געווארן אז דער פרילינג קומט אן. אז מען מעג זיך שוין אינגאנצן מיאש זיין. דאס אנגעהאקטע האלץ פון די בארגיקע וועלדער ארויסצופירן. דערפאר, האבן זיי שוין איצט געלעגט זייער גאנצע האפנונג אויף דער דערווארטענדיקער גערעטעניש פון די מייפל פראדוקטן. און ווען דער גלח „פאטער סיינט דעניס" איז דעם קומענדיקן זונטיק געשטאנען אויף דער בימה פון דארפישן קלויסטער, און געהאלטן זיין וואכענטלאכע דרשה, האט ער שוין לאנג גערעט דאריבער, ווי גאט איז א גוטער פאטער, אז מיט איין האנט שטראפט ער, און מיט דער צווייטער בענטשט ער, אז פאר דעם שאדן וואס די געמיינדע האט געהאט דורך דעם

---

*) א פליסיקייט וואס טריפט ארויס פון די ביימער אין פרילינג. פון דעם „סעפ" פון די מייפל ביימער ווערט פראדוצירט צוקער און סיראפ.

זייער מילדן ווינטער. וועט זיי דער אויבערשטער דערפאר גיבן א לאנגן און ווארימען פרילינג, וועלכער וועט פארטאפלן דאס גערעטעניש פון מייפל צוקער און סיראפ, און אזוי ארום וועלן זיי באלוינט ווערן פאר דעם שאדן וואס זיי האבן געהאט דורך דעם מאנגל אין שניי.

.1

ווען דער יונגער ארמאנד איז שוין געזעסן אין שליטן. גרייט אפצופארן אינם נאנטען שטעטל איינצוקויפן די באדערפנישן פאר'ן הויז, און אויך געוויסע כלים פאר דער „מייפל“ פראדוקציע, איז דער פאטער צו אים נאך אמאל צוגעקומען, אים גוט איינגעדעקט אין דעם גרויסן וואלפישן פעלץ, און נאך אמאל אנגעזאגט, — פארגעס'זשע ניט, פרעג זיך נאך אין פאסט אויף א בריוו! דו הערסט! ארמאנד האט צוגעשאקלט מיטן קאפ, א סימן, אז ער פארשטייט. און נאכדעם ווי דער פאטער האט ווידער אמאל ארומגעקוקט די פערד און דעם שליטן, האט ער מיט די ליפן א צמאקע געגעבן, און די צוויי אויסגערוטע פערד וועלכע זיינען די גאנצע צייט געשטאנען זייער אומרואיק אויפ'ן הויף, האבן זיך איצט מיט אמאל א לאז געטאן מיט שטורם, ארויס פון הויף אויף דעם שמאלן וועג וואס שליינגלט זיך צווישן די הויכע בערג באדעקט מיט הונדערטער יאר אלטע סאסנע בוימער.

דער פאטער איז דא נאך לאנג געשטאנען, און נאכגעקוקט ווי די צוויי אויסגערוטע פערד שניידן דורך דעם וועג וואס איז פארגאנגענע נאכט שוין ווידער פארשאטן געווארן מיט א פרישן שניי, ווי זיי ווארפן ארום זיך דעם טרוקענעם, נאך ניט איינגעטראטענעם שניי, און לאזן הינטער זיך ווייסע שטויבוואלקנס וועלכע דער ווינט כאפט אויף, טראגט אוועק אין דער לופט, דרייט דעם שטויבוואלקן אין א ווילדן קאראהאד עטלאכע מאל, און לאזט אים דערנאך אראפ, כדי ווידער צו פארדעקן דעם נאר וואס געמאכטן סליאד פון די צוויי אויסגערוטע פערד. און ווען דער לעצטער קלונג פון די גלעקלאך איז פארשלונגען געווארן צווישן די הויכע בערג, און עס האט זיך נאר נאך געהערט דאס שוואכע ווידערקול וואס איז שוין איצט פארהילכט געווארן פונ'ם ווייענדיקן צפון ווינט, האט ער אפגעקלאפט דעם שניי פון די פיס אן דער שוועל פון הויז, און אריינגייענדיק אין שטוב געמורמעלט פאר זיך „און אפשר וועט ער אויך עפעס ברייגען פון איר“?

.2

די פאמיליע קארטיער איז באשטאנען פון א פאטער און מוטער, ביידע אין אנהויב פון די פערציקער יארן. **א** זון ארמאנד פון צוואנציק, און א מאכטער לוסיל פון דרייצן יאר. ווי די מערסטע איינוואוינער פון די „לאורענשיען“ בערג האבן זיי געגאלטן אלס פארמערס נאר אין נאמען, ווייל בכלל איז דאס ניט קיין פארם געגנט ווי מען פארשטייט דאס אין די מזרח אדער מערב טיילן פון לאנד. דער גאנצער געגנט באשטייט פון א רייע ריזיקע אוראלטע שטיינערנע בערג, באדעקט מיט הונדערטער יאר אלטע סאסנעס און מייפל בוימער, און געפינט מען וואו ניט וואו א שטיקעל גלייכע ערד, איז עס מאגער, זאמדיק, און ניט מסוגל ארויסצוגעבן גענוג פאר דער אריינגעלייגטער ארבעט. און דערצו נאך, איז דער צפונדיקער קלימאט דא אזעלכער, וואס מאכט ניט זיכער די אויסזיכטן אויף א גערעטעניש, מחמת עס איז ניט זעלטן, אז אין מיטן זומער זאל איבער נאכט אנקומען א פראסט וואס זאל צונישט מאכן די פראצע פון א גאנצן זומער. און דערפאר, באשעפטיקן זיך די איינוואוינער מער מיט דער האלץ פראדוקציע, גיעג, און

מייפל פראדוקטן. א גרויסן טייל פון זייער הכנסה האבן זיי אויך פון די זומער געסט פון דער נאענטער גרויסער שטאט, וועלכע קומען דא פארברענגען דורך די הייסע זומערדיקע חדשים. די הויכע בארג לופט, דער סאסנאווער ארא־מאט וואס פארשמעקט דעם גאנצן געגנט, די ריזיקע ווילדע בערג, און די טיפע גרינע טאלן וואס אנטפלעקן זיך פאר׳ן אויג פונ׳ם זומערדיקן באזוכער, און שטאלטן אוים א זעלטן שיינע פאנאראמע וואס בייט איר בילדערדייך אויסזען עטלאכע מאל א טאג, לויט דער ענדערונג פון די ליכטשאטנס: די פילע גרויסע און קליינע אזערעס מיט זייער קרישטאל ריינע וואסערן ווירקן ווי א כישוף אויף די זומערדיקע באזוכער.

און הויבט זיך נאר אן דער פרילינג, לעבט אויף דער גאנצער געגנט. הייזער ווערן רעמאנטירט, נייע ווערן געבויט, ווייל באלד קומט אן די „אינוואזיע" פון די גרויסשטאטישע מענטשן, וועלכע ברענגען אריין, ניט נאר נייע לעבן און פרייל־אכקייט אין דעם מאנאטאנעם בארגלעבן, נאר פארגרעסערן אויך דעם קוואל פון פרנסה. קומט נאר אן דער זומער ווערט יעדע פארם הויז פארוואנדלט אין אן אכסניה וואוהין עס קומען די ווייניקער פארמעגלאכע איינוואוינער פון דער נאנטער גרויסער שטאט, ווער פארברענגען א וואך אדער צוויי, און ווער נאר אן ענדע־וואך־וואקאציע. די מער פארמעגלאכע איינוואוינער פון דער שכנות׳דיקער גרויסער שטאט פארברענגען דא דעם גאנצן זומער, א טייל אין געדונגענע, אנדערע האבן דא זייערע אייגענע ווילאס, וועלכע זיינען צעווארפן אין אן ארדנונגלאזער שיינקייט, אויף און ארום די בערג, אדער בא די ברעגעס פון די אזערעס.

איצט איז נאך ווייט צו זומער. די גרויסע בערג שטייען נאך איינגעהילט אין זייער ווייסן ווינטערדיקן מאנטל, און די ווילאס,— באדעקט מיט א שנייאיקער יארמולקע פון אויבן, און איינגעגראבן אין שניי ביז אין די האלבע ווענט פון אונטן, קוקן שוין אליין אויך אוים ווי קליינע בערגלאך, וועלכע די נאטור האט אומישנע אוועקגעשטעלט לעבן אט די ריזן, כדי זיי צו מאכן אויסזען נאך גרעסער און אימפאזאנטער.

.3

מאסיו קארטיער איז געווען אין אנהויב פון די פערציקער יארן, און סיי אין אויסזען, און סיי אין זיין האלטונג, האט ער געמאכט דעם איינדרוק ווי ער וואלט געווען פיל אינגער. א גלייכע, ניט גאנץ הויכע. אבער אויך ניט נידעריקע פיגור. דאס פנים אפגעברענט פון דער זומערדיקער שמארקער זון, און פארהארטעוועט פון די צפונ׳דיקע ווינטערדיקע ווינטן, האט אויסגעדריקט אנטשלאסענקייט און אויסדויער, וואס איז כאראקטעריסטיש ביי די מערסטע בערגמענטשן.

די עטלאכע קליינע קנייטשלאך ארום זיינע טיפע שווארצע אויגן, און בא די ווינקלען פון מויל, האבן עדות געזאגט אויף פיל פארשייטקייט אין זיינע יונגע יארן. און אפילו איצט, מורמעלט מען נאך אויך אונטער, אז ער, קארטיער, פארגעסט זיך פיל מאל אז ער איז שוין א פאטער פון א צוואנציקיאריקן זון, און ווען ער קומט אין דער געזעלשאפט פון פרויען, פירט ער זיך נאך אויף ווי א יונגער בחור׳ל און פארמעסט זיך מיט די יונגע דארפישע בחורים, בא וועלכע ער רופט ארויס זייער פיל קנאה. און אלע געבן שוין צו אז פאדאנקען זיין יונגער האלטונג, און צוליב זיין דרייסטקייט וואס איז אים געקומען דורך דעם מער צייטיקן עלטער, האט ער אויך מער דערפאלג אויף דעם געביט, מער פון די יונגע שעמעוודיקע דארפישע בחורים.

דערפאַר האָט שוין קיינעם ניט ג׳עוואונדערט, ווען פאַרגאַנגענעם זומער האָט מען שוין פיל גערעט אין דער סביבה וועגן זיינע צו נאָנטע באַציהונגען מיט דער שיינער יונגער אלמנה פון דער נאָנטער גרויסער שטאָט, וועלכע האָט פאַרבראַכט די זומערדיקע חדשים אין איינער פון די ווילאָס וואָס אויף זיין פאָרם. און ווען מען פלעגט זיי ביידן באַגעגנען פאָרנדיק אין דעם לייכטן וועגל מיט די גומינע רעדער, אדער ארומקלעטערענדיק אויף די הויכע בערג, פלעגט דאָס נאָר ארויסרופן א האַלב־סאַרקאַסטישן שמייכעל, וואָס האָט געמיינט: יאָ! א ניי בלעטל ווערט דאָ געשריבן! — ער וועט גאָר קיינמאָל ניט אלט ווערן, אָט דער מאָסיו קאַרטיער.

איצט איז ער שוין געזעסן אויף דעם וויג־שטול וואָס איז געשטאַנען נאָנט באַם ברענענדיקן אויוון, זיך ריטמיש געשאָקלט, רויכערנדיק זיין ליולקע אָנגעפילט מיט היימיש געפלאַנצטן טאַבאַק, בלאָזנדיק פון זיך גרויסע וואָלקנס רויך וועלכע פאַרשפרייטן איבער דער נידריקער שטוב א שטיקנדיקן גערוך וואָס קומט פון דעם פראָסטן היימיש געפלאַנצטן טאַבאַק. און געקלערט האָט ער שוין זייער אסך פון זיין אוואַנטורע פון פאַרגאַנגענעם זומער, און אויף זיך שטאַרק רחמנות געהאַט. ווייל געבענקט האָט ער שוין זייער שטאַרק נאָך איר... זיך קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט אז ער זאָל זיך טאַקע אין דער אמת׳ן פאַרליבן ... געמיינט, אז ס׳איז נאָר א פאַרביי לויפנדיקע אוואַנטורע ווי פיל אַנדערע וואָס ער האָט אין זיין פאַרשייטער יוגנט דורכגעמאַכט... און אויסגעלאָזט האָט זיך דאָס גאַנץ ערנסט, שוין אביסל צו ערנסט פאַר זיין כאַראַקטער. פאַר זיין שטאַנד אין דעם קליינעם קרייז פון אָט דער באַרגיקער סביבה. ווייל געפילט האָט ער אז ער איז איצט פייאיק צו באַגיין אזעלכע נאַרישקייטן, וואָס פאַסן לחלוטין ניט פאַר אים. שוין דאָס שרייבן אליין, דאָס ארייננלאָזן זיך אין א קאָרעספּאָנדענץ, און נאָך דערצו אין אַן איינזייטיקער, ניט באַענטפערטער קאָרעספּאָנדענץ, דאָס אליין איז דאָך אַן אומפאַרגעבלאַכע נאַרישקייט פון זיין זייט. שוין זשע האָט זי איהם טאַקע אינגאַנצן פאַרגעסן? צו וויל זי אים שוין קיינמאָל מער ניט אַנטרעפן? עס קען דאָך ניט זיין! פּרואווט ער זיך טרייסטן. עס האָט דאָך געמוזט בלייבן בא איר כאָטש עפּעס אַן איינדרוק פון די פיל איבערלעבענישן פון פאַרגאַנגענעם זומער, און ס׳קען דאָך ניט זיין זי זאָל שוין האָבן אינגאַנצן פאַרגעסן.

און אפשר!? הויבט אים אַן עגבערן א נייער געדאַנק. א געדאַנק, וואָס רופט בא אים ארויס עפּעס א מאָדנעם, ביז איצט נאָך ניט געפילטן ווייטאָק אין האַרץ. אפשר איז דאָס בא איר נאָר געווען א זומערדיקער צייטפאַרטרייב? פאַרפירט פון מאָמענט, פאַר׳שכור׳ט פון דער באַ׳כישוף׳דיקער באַרגיקער אַטמאָספערע, האָט זי זייענדיק דאָ, פון איר גרויסשטאָטישן, אויסגערעכענטן וועג אראָפּ:עבלאָנדזשעט, און צוריקקומענדיק אהיים, אין איר אייגענער סביבה, אויסניכטערענדיק זיך פון איר לייכטזיניקער באַרגראָמאַנטיק, האָט זי חרטה באַקומען אויף אלע יענע געשעענישן, און איצט וויל זי די איבערלעבענישן (וואָס האָבן אויף אים אזאַ שטאַרקן איינדרוק איבערגעלאָזט) אינגאַנצן פאַרגעסן. יאָ! געוויס איז דאָס אזוי! עגבערט אים דער געדאַנק. און דערפאַר טאַקע שרייבט זי ניט! טאָ, צו וואָס׳זשע זיך נאַריש מאַכן, פּרואווט ער זיך אליין אויסמוסרן. צו וואָס שיקן דעם זון יעדע וואָך אויף דער פּאָסט פרעגן אויף בריוו? ער וואָלט שוין געמעגט האָבן אזוי פיל שכל צו פאַרשטיין, אז זי וועט ניט ענטפערן. יאָ! ער איז שוין אלט גענוג דאָס צו פאַרשטיין. און נאַריש קוקט ער שוין אויס אין זיינע אויגן, און נאַריש מוז ער אויך אויסקוקן אין די אויגן פון זיין זון. יאָ! ער פאַרשטייט, דער זון זיינער! און עס דוכט זיך אים שוין, אז אלעמאָל ווען דער

זון פּאַרט אין שטעטל, און ער זאָגט אים אַז פרעגן אויף א בּריוו, קוקט ער
אים אַן מיט א סאַרקאַסטישן שמייכל, אַזוי ווי ער וואָלט וועלן זאָגן, „אַלט־
קייט באַהיט ניט פון נאַרישקייט'! נאָך ניט אַלט געגוג הפּנים דער טאַטע
זיינער צו פאַרשטיין, אַז אויף גרויסשטאָטישע דאַמען מאַכן אַזעלכע זומער־
דיקע אַוואַנטורעס א קנאַפּן איינדרוק. און ווען ער קומט צוריק פון שטעטל,
זאָגט ער שוין מיט א חוזק טאַן, ניטאָ! מען שרייבט ניט! זוען מען וואָלט
געשריבן, וואָלט געקומען..! צו וואָס די דערקלערונג, צו וואָס די אויס־
טייטשונג? — יאָ! ער ווייסט וואָס דאָ קומט פאָר! געוויס פאַרשטייט
ער, דער זון זיינער..! און איצט, וואָלט ער שוין אַליין וועלן זיין א קליין אינגל,
נאָך קלענער פון זיין זון. און האָבן א בייזן טאַטן, וואָס זאָל אים גוט אויס־
מוסר'ן, און אפשר טאַקע גוט אויספּאַטשן, פאַר די נאַרישקייטן וואָס ער
באַגייט. און זיצנדיק דאָ אין דעם וויג־שטול אנטקעגן דעם שפּיגל וואָס מיט
דער אָפּגעבּליאַקעוועטער גאָלדענער ראַם, דערזעט ער ניט ווילנדיק די שיין
פילע גראָע האָר וואָס בּאַ די ווינקלען פון זיין שטערן. און פאַרשעמט זיך
אַליין. און א צופרידנקייט פילט ער שוין וואָס זיין ווייב איז איצט אין שטוב
ניטאָ, ווארום עס דוכט זיך אים, אַז זי וואָלט געוויס דערקאַנט וואָס אין
זיינע געדאַנקען קומט איצט פאָר. און עס דערוועקט זיך בּאַ אים א געפיל פון
בושה פאַר זיין זון וועלכער ווייסט געוויס אַלץ. און עס ווערט אים הייס...
שרעקלאַך הייס פאַר אויפרעגונג.... און ער שרייט שוין אויף דער קליי־
נער לוסיל, למאי האָט זי אַזוי שטאַרק דעם אויוון אָנגעהייצט! אַזוי ווי זי
וואָלט ניט וויסן אַז דעם יאָר וועט מען מוזן זשאַלעווען האָלץ.

.4

סאָפּענדיק טיף און שווער, און בּלאָזנדיק פון זיך א וואָלקענדיקע פאַרע.
האָבּן שוין איצט די פערד גאַנץ פּאַוואָליע דעם שניי געאַקערט. צו טיף
איז דער שניי אין דער פאַרגאַנגענער נאַכט אַנגעפאַלן, און נאָך איצט דרייט
ער זיך אין דער לופט אין אַזאַ געדיכטער מאַסע, אַז ער פאַרשטעלט ווי מיט
א פאַרהאַנג דעם וועג אין פאַראויס, און ווייטער ווי די קעפּ פון די פערד
קען ער שוין לחלוטין ניט זען. דער צפון'דיקער ווינט טרייבּט די ווייס־
זאַמדיקע מאַסע אין פּנים, ווי מיט שאַרפע שפּילקעס שטעכן זיי די הויט,
און מאַכן אומעגלאַך דאָס אָפּנהאַלטן די אויגן. אַרמאַנד איז שוין דערפאַר
געזעסן אויסגעדרייט מיטן רוקן צו די פערד, פאַרלאָזנדיק זיך אינגאַנצן אויף
זייער געניטקייט אין די פאַר זיי באַקאַנטע וועגן. נאָר אָט האָט זיך דער וועג
פאַרקערעוועט אַן א זייט, און זיך פאַרנומען באַרג אַראָפּ צו דעם „לאַק
מירועד" און איצט איז ער שוין געפאָרן נאָנט בּאַ דער אָזערע וואָס איז געווען
אַרומגערינגעלט פון א רייע הויכע בערג און פאַרשטעלט פון די בערג, האָט
דאָ דער ווינט שוין ניט געהאַט אַזאַ שליטאַ. און דער שניי האָט זיך ווי
אַרומפליענדיקע פוך אין דער לופט געדרייט. און פּאַוואָליע, מיט א בּכבוד'־
ער גראַציע אַראָפּגענידערט אויפן וועג, וועלכער איז שוין סיי ווי אינגאַנצן
פאַרשאָטן געווען, און עס האָבן זיך נאָך נאָך אַרויסגעזען די שפּיצן פון די
פלויטן וואָס צאַמען אָפּ דעם וועג פון בּרעג טייך.

פּאָרענדיק דאָ אַרום דער אָזערע, האָט ער אינסטינקטיוו נאָך מער איינ־
געהאַלטן דעם סיי ווי שוואַכן גאַנג פון די פערד. און באַטראַכט דאָס קליינע
הייזל מיט די גרין אָפּגעפאַרבּטע לאָדן וואָס שטייט האַרט בּאַם בּרעג.

די אָזערע וואָס פאַרנעמט א היבשן שטח, איז אַרומגערינגעלט פון
הויכע שטיינערנע בערג. די כמעט קיילאַכדיקע פאָרם וואָס בּרייטערט זיך
אויס בּיי די פיס פון די בּערג, מאַכט דעם איינדרוק אַזוי ווי אימיצער האָט

דאָס בכיון אויסגעהאַקט, געלאָזט אַריינפליסן דאָס וואַסער פון צולאָזענעם שניי אין פרילינג, און פון די זומערדיקע רעגנס. אַט די אָזערע באַשיצט דורך די הויכע בערג פון די צפון'דיקע ווינטן, איז זי אַלעמאָל רואיק און גלאַט ווי אַ שפּיגל, און האָט דערפאַר באַקומען דעם נאָמען „לאַק מירוער“.

איצט איז איר אויבערפלאַך פאַרפרוירן. אָבער נאָך אַלץ גלייך און גלאַט ווי אין זומער און איבערגעדעקט איז זי מיט אַ קלאָרווייסן שניי־דעק און אין שטילע, ניט שטורמדיקע טעג, קען מען שוין דאָ זען די סליאַדן פון הירשן און אַנדערע האַלב ווילדע חיות וואָס האַלטן זיך אויף אין די וועלדער און אויף די הויכע בערג.

דאָס קליינע ווייסע הייזל מיט די גרין אָפּגעפאַרבטע לאָדן וואָס שטייט באַם ברעג פון טייך, איז איצט פאַרגראָבן אין שניי ביז אין די האַלבע פענסטער און באַטראַכטענדיק דאָס בילד, דערמאָנט ער זיך אַרמאַנד, ווי אַנדערש דאָ האָט אויסגעקוקט ערשט ניט לאַנג צוריק. דאַמאָלט איז דאָ אַלץ געווען גרין, פריש און לעבעדיק. אַפילו די שטיינערנע בערג זיינען ניט געווען אַזוי נאַקעט און טרויעריק ווי איצט. די בלויע הימלען מיט די ווייסע פוכענע וואָלקנס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אינ'ם גלאַטן טייך. שיפלאַך מיט פריילאַכע יונגע פאַרלאַך האָבן זיך אַרומגעטריבן איבער זיין אויבערפלאַך. און געלאָזן הינטער זיך צייכענס פון לייכט געקרייזלטע כוואַליס, וועלכע זיינען זיך באַלד צוגאַנגען צו די ברעגעס צו, און דאָרטן זיך ריטמיש אָפּגעקלאַפּט אָן די דנאָעס פון די געאַנקערטע שיפלאַך. און זיי לייכט געוויגט הין און צוריק. און ווידער איז די רואיק שפּיגלדיקע גלאַטקייט צום טייך צוריס געקומען און זען האָט מען שוין געקענט אין זיין טיפעניש, ווי די פוכענע וואָלקענס לויפן אַזוי ראַפּטום אוועק אין דער פאַרבאָרגענער אומענדלאַכקייט.

און אַט אין דעם הייזל האָט זי געוואוינט. נאָך פון אָנהויב מאַי ביז העט שפּעט אין סעפּטעמבער האָט זי דאָ געוואוינט. און ווען ער פלעגט דאָ פאַרבייפאָרן, האָט ער זי אַלעמאָל געזען ליגענדיק אויף דעם וויג־בעטל, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וועראַנדע לייענענדיק אַ בוך, אָדער זיצנדיק אין אַ לאָדקע באַם ברעג פון טייך, וואַרמנדיק זיך אַנטקעגן דער ברענענדיקער זון. און ווי באַ'כשופ'ט פלעגט ער ווערן, ווי נאָר ער פלעגט זי דערזען. ווי שיין זי האָט אויסגעזען אין דעם זומערדיקן איינפאַכן ציצענעם קליידל, וואָס האָט זי געמאַכט אויסקוקן נאָך פיל אינגער ווי זי איז אין דער אמת'ן געווען. ווי דורך דעם לייכטן שטאָף האָבן זיך דורכגעזען גאַנץ בולט די ליניען פון איר שען פאַרמיקן כמעט נאָך מיידעלשן קערפּער, און אָן אַ שום פריערין פלאַן, פלעגט ער אַלעמאָל בלייבן שטיין וועלענדיק פאַרבינדן אַ געשפּרעך וואָס זאָל אים נעענטער ברענגען צו אָט דער שיינער גרויסשטאָטישער פרוי, האָט ער אָבער קיינמאָל ניט געפונען אַ פּאַסנדיקע טעמע. אָנגעהויבן דעם שאָבלאָנעם געשפּרעך וועגן וועטער, און ניט קענענדיק אַנטוויקלען אַן אינטערעסאַנטערע כעמע, האָט ער אַ פאַרשעמטער זיך געזעגנט, און אוועקגעגאַנגען איז ער שוין מיט אַ שטאַרקן פאַרדרוס אויף זיך אַליין, פאַר זיין דאָרפישער אומבאַהאָלפנקייט.

עטלאַכע מאָל האָט ער אַפילו געפּרואווט און זיך אָנגעבאָטן צו רודערן איר שיפל, באַרימענדיק זיך דערביי, אַז ער איז אַ געניטער שיפער. פלעגט ער אָבער אַלעמאָל באַקומען דעמזעלבן ענטפער: אַז אויפ'ן וואַסער, קען זי זיך בכלל ניט פאַרלאָזן אויף אַזאַ יונגן מענטשן. און זי האָט טאַקע אין זין געהאַט אים בעטן ער זאָל אַזוי גוט זיין און זאָגן דעם פאָטער זיינעם, אַז זי בעט אים אַריבערקומען. עס איז היינט זייער גוט זיך צו שיפן, און מיט אַן עלטערן מענטשן פילט זי זיך פיל זיכערער.

## 5.

די קארעספאנדענץ וואס ארמאנד האט פון פאסט אפגענומען, איז באיאר: קאטאלאגן פון די גרויסשטאטישע מאגאזינען דורך וועלכע זיי רעקלאמירן זייערע סחורות, און אז בא זיי קען מען איינהאנדלען פון א נאדל ביז אן אקער אייזן, אדער אן אטאמאביל. אלץ אויסצוצאלן מיט קליינע ראטן. שטאנען פון גוויינלאכן סארט וואס יעדער פארמער באקומט עטלאכע מאל א יאר: קאטאלאגן פון די גרויסשטאטישע מאגאזינען דורך וועלכע זיי רעקלאמירן זייערע סחורות, און אז בא זיי קען מען איינהאנדלען פון א נאדל ביז אן אקער אייזן, אדער אן אטאמאביל. אלץ אויסצוצאלן מיט קליינע ראטן. די ארטיקלען וואס אין די קאטאלאגן, זיינען אילוסטרירט מיט שרייענדיקע קאלירן כדי נאך מער צו רייצן די פארלאנגן פון די פרימיטיווע דארפישע מענטשן. קאטאלאגן פון פארם מאשינען. פאר זשורנאלן וואס זאגן אן די מקהים פון די פארשידענע פארם פראדוקטן. א נומער פון דעם קאטוילישן חודש זשורנאל „דער לייכטענדיקער צלם“. און עטלאכע בריוו פון פאראיאריקע זומער געכט וואס האבן זיך מקדים געווען אנצובינדן נייע פארהאנדלונגען וועגן זייער געפלאנטער זומער וואקאציע. גאנץ להיפוך פון זיינע דערוואַרטונגען, האט ער צווישן די בריוו געפונען איינעם וואס האט מער ווי אלע אנדערע צוגעצויגן זיין אויפמערקזאמקייט. עפעס א מאדנער הארץ קלאפען האט בא אים אט דער בריוו ארויסגערופן, און א געדאנק איז אים דורכגעלאפן דורכ׳ן מח, דאס מוז זיין פון איר! יא! פון איר איז דאס! ער וואלט שווערן אז דאס איז איר האנדשריפט, כאטש ער האט זי קיינמאל פריער ניט געזען. און מיט ציטעריקע הענט האלט ער דעם בריוו, און באטראכט אים פון אלע זייטן, ווי ער וואלט וועלן דורכדרינגען זיין אויסערלאכן צודעק און צוקומען צו דעם אינהאלט, וועלכער האט שוין פאר אים אזא וויכטיקע באדייטונג, און רייצט זיין נייגעריקייט וואס אמאל אלץ שטארקער און שטארקער.

מ׳דארף דעם בריוו עפענען. לויפט אים דורך א געדאנק. ער כאפט זיך אבער באלד צוריק. ווייל ווייסן ווייסט ער, אז מיט דערמיט וואלט ער געבראכט צו א סקאנדאל בא זיי אין הויז. ווייל קיינער פון הויזגעזינט האט נאך קיינמאל פריער א צייטונג געעפנט, אדער אפילו אן אפן קארטל איבערגעלייענט אן דער הסכמה פון פאטער. און אז זיין ווייסן עפענען זיינעם א בריוו, אזא אקט וועט ער ניט אזוי לייכט מוחל זיין. און א נייער געדאנק פאלט אים איין. ער וועט דעם בריוו בכלל ניט אפגעבן דעם פאטער. עס איז דאך סיי ווי דער ערשטער בריוו פון איר... און דער פאטער ווייסט דאך ניט באשטימט אז א בריוו וועט קומען.. טא וועט ער אים איבערלייענען און צורייסן... ער מוז אים איבערלייענען! ווייל זיין נשמה רו שטייט דא אין קאן. און זוכנדיק א בארעכטיגונג פאר זיין געפלאנטער טאט, ווערט ער בא זיך וואס אמאל אלץ שטארקער און דרייסטער. און איצט באטראכט ער שוין די קארעספאנדענץ צווישן אט דער יונגער שיינער אלמנה און זיין פאטער, בכלל אלס אן אומנאטירלאכע, און שוין לכתחילה אלס א גרויזאמער טעות, אן איראניע פון שיקזאל. דער בריוו וואלט דאך אייגנטלאך באדארפט זיין צו אים געשריבן. ווייל זי האט דאך געוויס געמוזט באמערקן ווי פארליבט ער דער יונגער בחור איז געווען אין איר, און קוים האט זיך זיין געדאנקענגאנג אנגעהויבן צו פארנעמען אין אט דער ריכטונג, האט אים שוין לאנג ניט גענומען ביז ער האט געפונען א פאלקאמענע בארעכטיקונג דעם בריוו צו עפענען. און דערנאך האט ער שוין לאנג געלייענט... עטלאכע מאל איבערגעלייענט דעם אינהאלט, און זיך כמעט ניט געגלויבט, וואס ער זעט דא געשריבן. און קלאר איז אים איצט געווארן זייער אסך פאסירונגען פון פארגאנגענעם זומער. און קלאר איז אים אויך געווארן, אז דאס וואס מען האט אין דער סביבה גערעדט, איז נאך קיין אנהויב ניט אנטקעגן דעם, וואס איז אין דער אמת׳ן פארגעקומען צווישן זיין פאטער און אט דער גרויסשטא־

טישער שיינער אלמנה. און א שרעקלאכער געפיל פון קנאה און אייפערזוכט דערוועקט זיך בא אים, אז ער פילט עפעס א מאדנעם ווייטאק אין הארץ, א ווייטאק וואס בלאזט נאך מער פאנאנדער דאס פייער פון אייפערזוכט. און איצט לאזט ער שוין אינגאנצן פריי זיין יונגע פאנטאזיע וועלכע מאלט אים די פארגאנגענע פאסירונגען אין אזעלכע פארבן, וואס ער האט בכלל קיינמאל פריער ניט געזען. און אין זיינע געדאנקען שווימען ארויף א רייע פון פאסירונגען וועלכע האבן צו זייער צייט גארניט צוגעצויגן זיין אויפמערקזאמקייט. און ער דערמאנט זיך, אז ס'איז ניט אוועק כמעט קיין איינציקער טאג, אז זיי זאלן ניט געווען פארברייינגען אינאיינעם. און אויב דער פאטער פלעגט ניט גיין צו איר, און ארומשיפן זיך מיט איר איבערן טייך, פלעגט זי קומען צו זיי אין הויז, פארנאנדערוויקלן א פריינדלאכן געשפרעך מיט ד״ג מוטער, דערביי גלעטענדיק און ליובנדיק זיין שוועסטערל לוסיל, איינארדנענדיק אירע האר אויף דעם גרויסשטאטישן שטייגער. דערביי מאכן איר קאמפליציענטן אז זי איז א שיין מיידעלע, און שפ.ס דיק וועט איר אויסזוכן א שיינעם חתן אין דער גרויסער שטאט. מיט איר פריינדלאכער האלטונג צו דער מוטער און שוועסטער, האט זי זיי אינגאנצן געוואונען. און ווען זי האט שוין דערנאך געבעטן דעם פאטער, ער זאל איר באגלייטן אין וואלד און איר אנווייזן וואו עס געפינען זיך די גרויסע קוסטעס מיט די רויטע יאגדע'ס, האט שוין קיינער ניט געקענט האבן דעם מינדסטן חשד אז זי איז דערביי אויסן עפעס ניט געוויינלאכעס. בפרט נאך ווען זי האט דערביי געמאכט אזא צניעות'דיקע באמערקונג: אז מסתמא איז ער דאך באקאנט מיט די אלע וועגן אין אט דער ווילדער געגנט, און אגב פילט זי זיך זיכערער מיט אן עלטערן מענטש.. דערנאך פלעגן זיי שוין פארפאלן ווערן אויף האלבע טעג אין די ווילדע בערג, און אהיים קומען פלעגט ער שוין, דער טאטע זיינער, א פרייליכער, אן אויפגעלייגטער, ארומכאפן דער מאמען און גיין מיט איר א קאראהאד, אדער כאפן דאס שוועסטערל, לוסיל, אוועקזעצן זי אויף זיינע קני און איר לאנג לאנג קושן... וואס איז ער עפעס פלוצלונג אזוי אויפגעלייגט, דער טאטע זיינער? . . . קלאר ווערט אים איצט אלץ. און די קלארקייט מיט וועלכער ער זעט אט דאס אלץ, מאכט אים נאך גרעסער דעם ווייטאק אין הארץ און א מאדנע אומרואיקייט באפאלט אים פלוצלונג, און ער קען שוין דא מער ניט איינשטיין. עס ווערט אים ענג אויף אט דעם ארט, ער מוז ארויס! ער מוז ערגעץ וואו אוועק... פארטרייבן דעם שרעקלאכן הארצווייטאק, די וויסטע געדאנקען וואס פלאגן אים, ער קען שוין דא מער ניט איינשטיין.

ס'איז שוין געווען זייער שפעט נאכמיטאג, ווען ארמאנד האט פארלאזן דעם קליינשטעטלדיקן שיינק. די שווערע איבערלייבענישן פון היינטיקן טאג, און דער שלעכטער בראנפן וואס ער האט היינט שוין זייער פיל געטרונקען, האבן געהאט א מאדנע ווירקונג אויף אים. און געמישט האבן זיך שוין אין זיין מח פארשידענע אפגעהאקטע בילדער, און ער איז שוין בכלל ניט מסוגל געווען לאגיש, צונויפבינדן צוויי גלייכע געדאנקען. דערפאר, האט שוין דער שיינקער אליין ארויסגענומען די פערד פון שטאל, וואו זיי זיינען געשטאנען א גאנצן נאכמיטאג, און מעכאניש געקייט די היי וואס אין זשאלוב, און צי פאר גרויס לאנגווייליקייט, אדער פאר גרויס אויפגעלייגטקייט, זיך כסדר איינס דאס אנדערע די קעפ געביסן, געטיאפעט מיט די פיס און געהירזשעט.

איצט האט שוין דער שיינקער זיי איינגעשפאנט, און גוט באווארנט אז די איינגעהאנדלטע ארטיקלען זאלן ניט ארויספאלן פארענדיק, געהאלפן ארמאנד'ן זיך ארייננזעצן אין שליטן. דערביי, פארלאזנדיק זיך מער אויף דעם

אינסטינקט פון די פערד, וועלכע וועלן שוין געווים טרעפן אהיים, אויף דעם פאר זיי זייער באקאנטן וועג. ווייל געזען האט ער אז ארמאנד ווייסט שוין בכלל ניט וואס מיט אים טוט זיך, כאטש ער אליין האט דאס נאך אלץ ניט געוואלט צוגעבן. און שאקלענדיק זיך, מיט כעס אפגעשטופט יעדן וואס האט אים געוואלט העלפן ארייןזעצן זיך אין שליטן.

.6

די הייזער פון בײדע זייטן וועג וואס פירט ארויס פון שטעטל האבן שוין אנגעהויבן ווערן וואס אמאל אלץ שיטערער און שיטערער. און אט איז ער שוין פארבייגעפארן דאס קליינע וועלדל מיט די בערעזענע בוימער, וועלכע זיינען איצט אינגאנצן נאקעט. און זייערע צוקרימטע און אויסגעבויגענע שטאמען קוקן שוין איצט אויס ווי אומישנע אפגעקאלכטע, כדי זיי זאלן הארמאנירן מיטן ווייסן שניי וואס ארום זיי.

פון דער ווייטן זעט זיך נאר נאך דער שפּיץ צלם פונ׳ם קליינשטעטלדיקן קלויסטער. איצט איז שוין ארכאנד, הוידענדיק זיך, געזעסן אין שליטן, און נאכלעסיק געהאלטן די לייצעס אין די הענט, וועלכע האבן לחלוטין ניט געהאט קיין שייכות מיטן גאנג פון די פערד. די פארבייפארענדיקע פויערים האבן געהאלטן אין איין זידלען אים, למאי ער פארנעמט דעם גאנצן וועג... לאזט קיינעם ניט דורכפארן, זיי מוזן זיך אראפנעמען אן א זייט כדי אים אויסצומיידן, און זיינען אין א סכנה ארייןצוגליטשן זיך מיט די שליטנס אין די טיפע גראבנס וואס פון בײדע זייטן וועג. ארמאנד האט זיי שוין גאר ניט געענפערט. די צונג איז געווען בא אים ווי צוגעוואקסן צום גומען. איצט האט ער געפילט עפעס א מאדנע מידקייט. און געהערט האט ער שוין ניט דאס ווייטע קלינגען פון די קלויסטערגלעקער, אנזאגענדיק די פרומע מענטשן, אז די „וועכפער“־שעה איז געקומען.

.7

דער שניי־פאל איז שוין איצט געווען פיל קלענער, נאר דער בייזער צפונ׳דיקער ווינט האט געבלאזן מיט שטארקערער קראפט, ווי ווען ער, ארמאנד, איז אינדערפרי אויפ׳ן זעלבן וועג געפארן. און אנטוויקלט האט זיך איצט, איינע פון יענע זאווערוכעס, וואס זיינען ניט זעלטן אין דער צייט פון יאר, אין אט דער בארגיקער געגנט. דער ווינט האט דעם טרוקענעם שניי פון די נאנטע בערג און די נידריקע פעלדער אויפגערודערט, און גאנצע, כמעט גלייכע ווענט פון שניי האבן זיך מיט אן אומגעהייערער גיכקייט, פון די פעלדער איבערן וועג געטריבן. רייען־וויז האבן זיך די שנייאיקע ווענט געיאגט, און איבערגעלאזט קליינע בערגלאך און טאלן איבער דעם אזוי אויך זייער משופע׳דיקן וועג. דער שליטן האט זיך איצט שוין אלעמאל א לאז געטון אראפ אין א טאל, און טאקע באלד זיך ווידער א הויב געטאן בארג ארויף. דאסווארפן זיך פון שליטן אראפ און ארויף, האט ארמאנד׳ן זייער פיל געשטערט, ווייל איצט האט ער זיך געפילט זייער מיד און שלעפעריק. צוהיצט פון דעם בראנפן וואס ער האט היינט שוין זייער פיל געטרונקן, האט ער בכלל ניט געפילט די קעלט. און עס האט אים שוין ניט געארט, ווען יעדעס מאל וואס אזא שנייאיקע וואנט האט זיך אין זיין שליטן אנגעשלאגן, איז זיין פנים אינגאנצן מיט שניי פארשאטן געווארן. שוועד האט ער דאמאלט זיין האנט געהויבן, און געפינענדיק זיין פנים, האט ער דעם שניי־אפגעווישט און א דערפרישונג האט ער שוין געפילט, ווען ער האט די נאסע קילקייט איבער זיין צוהיצטן פנים דורגעפירט.

און ווידעראַמאָל האָט זיך דער שליטן דערנענטערט דעם „לאַק מירוער" און אין דער טונקעלקייט האָט ער דאָס שטיבל דערזען. אַזוי ווי בײַ איינעם וואָס ליגט אין אַ היצקראַנקהייט, האָט זיך איצט זיין פאַנטאַזיע צעאַרבעט. און ער געדענקט שוין ניט וואו ער איז היינט געווען, און וואוהין ער פאָרט. און אין זיינע געדאַנקען מישן זיך איצט בילדער פון פאַרגאַנגענעם זומער, און עס דוכט זיך אים, אַז עס איז איצט אַ זומערדיקער פאַרנאַכט, און ער פאָרט צוריק אַהיים פון די בערג וואו ער האָט היינט היי געשניטן — ער זיצט אויפ׳ן הויכן וואָגן פרישע שמעקעדיקע היי, פאָרט פּאַוואָליע, ניט איילענדיק זיך, און פון דער הויכקייט וואו ער געפינט זיך איצט, זעט ער ווי די פלאַמענדע צפונ׳דיקע הימלען רויטלען זיך, ווי זיי בייטן זייערע קאָלירן מיט יעדער רגע וואָס די זון פאַרגייט העט דאָרט ווייט הינטער די מערב בערג.

און דאָרט גאַנץ אונטן אין טאָל איז שוין טונקל. און אַ נעפּל פאַרשפּרייט זיך איבער דעם „לאַק מירוער" און דעקט צו די לאָדקעס מיט די יונגע פריילאַכע פאָרלאַך וואָס יאָגן זיך, דאָרט אַהיים צו די ברעגעס צו. פאַר פריילאַכקייט וועגן לאָזן זיי אַלעמאָל אַרויס אַ הילכדיקן קוויטש כדי צו הערן זייער ווידער־קול, וואָס שלאָגט אָפּ צווישן די בערג עטלאַכע מאָל נאָכאַנאַנד: הו, הו, שרייט אויס אַ פרויענשטימע. און פון די בערג קומט צוריק שוין צום פינפטן מאָל, הו, הו, הו, הו, הו, דאָס קול קומט אים פאָר באַקאַנט, ער וואָלט שווערן אַז דאָס איז איהר קול... דאָס זיצט זי מסתמה אין דער לאָדקע ביים ברעג טייך ווי אַלעמאָל. געוויס זיצט זי דאָרט! ער וועט פרואוון צוגיין... און דרייסט ווערט ער ביי זיך, און גייט אַראָפּ פון שליטן, לאָזט זיך צוגיין צום הייזל וואָס ביים ברעג טייך, און גייענדיק באַשליסט ער אַז היינטיקס מאָל וועט ער איר שוין זאָגן. אַלץ וועט ער איר זאָגן. היינט וועט ער זיך שוין ניט שעמען. ער וועט איר דערקלערן ווי ליב ער האָט זי, ווי זיין יונגע האַרץ קלאַפּט ווען ער דערזעט זי... ווי ער קלערט נאָר פון איר טאָג און נאַכט, פון איר דער שיינער גרויסשטאָטישער פרוי. צו די פיס וועט ער איר פאַלן, דעם זוים פון איר קלייד וועט ער קושן, און איר שקלאַף וועט ער ווערן, איר אייביקער שקלאַף, פאַר נאָר איין גוט, איין פריינטלאַך וואָרט. איצט וועט ער דאָס איר זאָגן, ווייל איצט האָט ער מוטה — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרטאָג זיינען די צוויי פערד אויסגעמאַטערטע אינ׳ם הויף אַריינגעפאָרן. מאַסיו קאַרטיער איז די גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפן, וואַרטנדיק אויף דעם צוריקקומען פון זיין זון. און ווען ער האָט דערהערט דאָס קלינגען פון די גלעקלאַך, האָט ער האַלב די טיר געעפנט, און נאָכדעם ווי ער האָט עטלאַכע מאָל גערופן דעם זון, און ניט באַקומען קיין ענטפער, האָט ער זיך גיך אָנגעטאָן, און אַרויסקומענדיק, האָט ער געזען — — — — — — — — — — — —

דער זון איז ניטאָ... דער שליטן איז אינגאַנצן מיט שניי פאַרשאָטן, און מען זעט שוין ניט אַרויס די אַרטיקלען וואָס ער האָט אין שטעטל איינגעקויפט... און די פערד, שטייען שוין מיט אַראָפּהייננגענדיקע קעפּ, אַזש ביי דער טיר פון שטאַל....

,

דעם אַנדערן טאָג האָבן זיך אַלע שכנישע פּויערים אַרויסגעלאָזן מיט זייערע יאַגד הינט זוכן דעם פאַרפאַלענעם אָרמאַנד, אָבער, איבער נאַכט זיינען אַלע סליאַדן פאַרבלאָזן געוואָרן. און אויסגעמוטשעטע זיינען זיי פאַרנאַכט אַנטוישטע אַליין אַהיימגעקומען.

ווען דער שניי איז אין פרילינג צוגאנגען געווארן, האט מען געפונען דעם קערפער פון דעם יונגן ארמאנד קארטיער, ליגענדיק בא דעם ווייסן הייזל וואס מיט די גרין אפגעפארבטע לאדן, וואס שטייט באם ברעג פון „לאק מירוער“. אין דער רעכטער האנט האט ער געהאלטן עפעס א פאפיר וואס האט אויסגעוויזן אז דאס איז אמאל געווען א בריוו, איצט אבער איז די שריפט שוין אינגאנצן אפגעווישט געווען פון דער נאסקייט פון צוגאנגענעם שניי.

אײדא מאזע

# מיין קינד׳ס קבר

ניט קיין בלומען, ניט קיין גראז
וואקסן אף מיין קינד׳ס קבר:
א קליינע מצבה, א גרויער שטיין
שטייט און קוקט אף זיך אליין...

ניט מיט בלומען, ניט מיט גראז
וועל איך באפוצן מיין קינד׳ס קבר:
מיין קינדס קבר מוז בלייבן רוי,
ווי אין הארצן בא מיר די וואונד,
ווי ער איז זיין גרוב,
ווי זיין שאטן אין מיין שטוב...

מיין קינד׳ס קבר מוז בלייבן רוי...

# אין שפיגל

אז איך קוק זיך אינם שפיגל איין
זעט דער טאָג־פארגיי,
דארט אוים ווי וויין.

עס נעמט דער שפיגל מיין יעדן ריר
אריין אין זיך,
און ווייזט עס מיר.

דער ציטער פון מיין יעדן גליד
שוועבט אום אין שפיגל
עלנט, מיד . . .

איך זע מיין שטומען בויג פון קאָפּ
וואס זינקט אין שפיגל
טיף אראפּ.

סוף־טאָג, אינ'ם שפיגל־שיין
הילט מיין קילער גוף זיך איין,—
באדט זיך מיין געשטאלט אין וויין
אין זוניק רויטן ווײנשל־וויין — — — —

# מיד

מיד זיינען מיר ביידע,
און פון מידקייט ווערן מיר גוט אז א ברעג—
גוט צו אלעמען און צו זיך.
מיט שטילע שפּאָן גייען מיר ארום
שטיל און גוט און מיד — — — —

שטיל און מיד גייסטו אלע פארטאָג אוועק פון הויז.
און קומסט פארנאכט שטילער, מידער, מידער.
מידע גלעטן דיינע הענט מיין קאָפּ
דו זוכסט דעם טאָג אין מיינע אויגן —
אין א ווינקל פון אונזער פענסטער
שפּיגלט זיך קיל־שטיל דער טאָג
און באהאלט זיך אין א פאלד פון פארהאנג.

# אַ ליד

אין אַ ווייטער שטאָט האָב איך געהאַט אַ מאַמע, —
בין איך אַ קינד געווען
מיין מאַמעס קינד געווען,
איצט האָב איך קיין מאַמע שוין ניט מער
בין איך קיין קינד ניט מער
מיין מאַמעס קינד ניט מער...

גיי איך אין דערפרעמד אַרום אַליין,
ניט איך פרייזיד, ניט איך טרויער, ניט איך קלער
אַז איך האָב קיין מאַמע שוין ניט מער
און קיין קינד בין איך ניט מער,
מיין מאַמעס קינד ניט מער...

*
* *

אויף ווייסע ווינגדיקע פליגל
ווינגט איין דער טאָג דאָס ליד פון פרייד.
און אין בלויען זייד פון אָוונט
וועבט זיך אויס דאָס ליד פון טרויער.
זינגען לידער טאָג און אָוונט, —
זינגען פרייד און זאָגן טרויער,
זינגט דאָס אַלץ ביי מיר אין האַרצן,
און איך ווער אַלץ בלאַסער, דינער...

נחמיה סיגאַל.

# אַ חלום־נאַכט

מיין פענסטער שטייט אָפן.
ס'בלאָזט אַ ווייכער ווינט —
אָנגעפילט מיט שלאָפן
ווערט מיין האַרץ אַצינד.

מיט חלומות־זשום פליען
די געוועבן פון מיין מח,
ווי פידל־סטרונעס ציען
קלאַנגען פול מיט כח.

וועבט זיך אויס אַ חלום־נאַכט
מיט געפלינגעלטן ווירוואַר —
די נאַכט האָט אויפגעוואַכט
מיט נעפל און געפאַר...

פ. קעמבל

# די אַלטע פרוי

אידיש פון ל. מ. בעניאמין

ווי אין א הייליק אָרט
א שיין וויים ליכט,
אזוי איז די שיינקייט
פון אן אלט געזיכט.

ווי די פארצערטע שיין
פון א ווינטער זון,
אזוי איז די פרוי,
ווען אלץ איז אפגעטון...

די קינדער אוועק פון איר,
די גערראנקען בלייבן שטיל,
ווי די וואסערן
פון א חרוב'ער מיל.

עדנא סיינט ווינסענט מיליי

# דער לייכט־טורם

(מיין ליכט ביי ביידע עקן ברענט היינט.
פאר פרימאָרגן לעשט עס זיך אוים:
אבער א! מיינע פיינט און א! מיינע פריינט.
ס'גיט אזא ליבליכן שיין ארוים.)

---

צווישן נאכט און באגינען
מיין ליכט א ברוין־דויטלאכס ברענט;
און שיינט פון מיין פענסטער ארוים
ווען אהיים דער רייזנדער זיך ווענדט.

עס לייכט מיט א הייליקן שיין,
עס שיקט א הימל־ליכט וואס בלענדט:
עס גליט און פלאמט אזוי ריין
און ביי ביידע עקן עס ברענט.

ניט מיט פארצערנדיקן פייער;
ניט מיט שטעכיקע פלאמען;
ניט מיט היים־פלאמענדיקן גלוט,
עפעס א היץ שווער צו דערמאנען.

נאר פריינדשאַפט־וועג צו באלייכטן:
דער פלאם פון מיין ליכט ווערט פארשוועגדט,
ווייל די ליכט איז די אייביקע ליכט
וואס ביי ביידע עקן עס ברענט.

# בעטהאָווענ׳ם סוד

---

## דער טריאומף פון דורות

עס טרעפט אמאל, אז דו קאנסט זיך קיין חשבון ניט אפגעבן, פאר־
וואס דו געפינסט זיך אין אזא געמיטס־צושטאנד און ניט אין קיין אנדערן.
עפעס מאניעט און דו ווייסט ניט וואס; עפעס וויל קריגן אן אויסדרוק צר־
ליב עפעס, נאר עס פעלט דיר דער אינסטרומענט צוגויפצושלעפן איין
„עפעס" מיט׳ן צווייטן.

און דו זוכסט א ווארט, וואס זאל קאנען דעפינירן דאס, וואס איז פאר
דיר אליין ניט קלאר; געפינסטו דאס ווארט און עס ווערט קלאר—פאר אי־
מיצן אנדערש—דאס, וואס דו האסט גארניט געוואלט זאגן...

אבער פאר דיר אליין? דו ווייסט, אז „פון אנהויב איז געקומען
דאס ווארט"; אבער דו ווייסט אויך, אז „ווערטער זיינען באשאפן געווארן
צו פארדעקן דעם אמת". און דאס אויך ניט אלעמאל ווייל עס לוינט זיך
אזוי נאר מערערע מאל, ווייל עס איז קיין אנדער ברירה ניטא.

ווארים באגרעניצט איז די מענטשליכע שפראך, אפילו די רייכסטע און
קולטורעלסטע. דאס ניט־דערזאגטע בלייבט ניט דערזאגט.—אפילו אין דער
שיינער ליטעראטור, כאטש דארט ווערט די ליידיקייט פון ניט־דערזאגטן
אויסגעפילט מיט סטיל און פארם און קינסטלערישן אטעם, און דער טיפ־
סטער וואונטש פון דעם ווארט־קינסטלער איז דאך, אז דער לעזער זאל דער־
פילן דאס אנגעוואונקענע, דאס ניט דערזאגטע, דאס צווישן־די־שורה׳דיקע.

צוויי „איכ׳ן" ראנגלן זיך אין יעדן פון אונז און ווילן קומען צום אויס־
דרוק. עס ראנגלט זיך דאס אינטעלעקטועלע מיט׳ן עמאציאנעלן. און
כאטש דאס אינטעלעקטועלע פרעטענדירט צו זיין דער מיטל־פונקט, וואס
„קאנטראלירט" דעם שפיל עמאציעס ווייסן מיר אבער פון ערפארונג, אז
נאר ווייניקער ווי דער פיל גערימטער „פראקטישער שכל" קאן קאנטראלירן
אזא געפיל ווי פיזישן הונגער, למשל, קאן ער קאנטראלירן דעם הונגער פון
דער נשמה אין דער פארמיטלונג פון עפעס, וואס איז ניטא אין דר. קוע׳ס
טעאריע פון אוטא־סוגעסטיע...

מוזיק ווערט גערופן: „די שפראך פון דער נשמה". זי געפינט איר אור־
קוואל אין יענעם שפיל פון עמאציעס, וואס קומט פאר אין מענטשן גופא
און ווערט דיריגירט ניט פון „קלארן שכל", נאר פון עפעס, וואס ליגט „אויף
יענער זייט".

עס האט אבער לאנג גענומען ביז מוזיק איז געווארן א זעלבסט־שטענ־
דיקע קונסט. ווארום קונסט איז ניט די אקעגנשטעלונג פון דעם עמאציא־
נעלן צום אינטעלעקטועלן, נאר איז א סינטעז פוןביידע. מוזיק איז די
אינגסטע קונסט ניט נאר דערפאר, ווייל איר ענטוויקלונג איז טיילווייז
געווען אפהענגיק אין דער ענטוויקלונג פון דער אלגעמיינער טעכניק, נאר אויך
דערפאר, ווייל זייענדיק „לויטער געפיל" האט זי ניט געקאנט ווערן קיין
ציל פאר זיך אליין און האט געמוזט א לאנגע צייט בלייבן ניט מער ווי א
מיטל צו אזא אדער אנדער צוועק. צי דער צוועק איז געווען דער טאנץ,
דאס ווארט, אדער דער רעליגיעזער ריטואל—אין יעדן פון די דריי פאלן

איז מוזיק געווען בלויז א מיטל. אין ערשטן פאל איז די מעלאדיע געווען געבונדן אין א באגרעניצטן ריטם: אין צווייטן פאל האט די מוזיק, מעלאדיש און ריטמיש געמוזט דינען א ווערטערליכן טעקסט: אין דריטן פאל האט די מוזיק געמוזט טראגן אן אונפערזענליכן הללויה׳דיקן כאראקטער.

די רעליגיעזע אדער ליטורגישע מוזיק, וואס האט דערגרייכט א פארהעלטניסמעסיק־הויכע שטופע אין דעם רעליגיעזן ריטואל פון די ביבלישע אידן און איז שפעטער דורך דער קריסטליכער קירכע אנטוויקלט געווארן אין אזא רייכן און פארצווייגטן אוצר פון דערהויבנדע קלאנגן — אט די דאזיקע מוזיק האט מיט איר גאנצער פארבנרייכער שיינקייט ניט געקאנט ווערן קיין זעלבסטשטענדיקע קונסט. זי האט דאס אויך ניט *געוואלט* ווערן, ווייל דאס וואלט געמיינט אריינגעמען דאס *פערזענליכע* און *אינטימע*, וואס זיינען פון טייוול, ניט פון גאט...

דאס האט דער אידישער מאנאטעאיזם אזוי אן רחמנות פארטריבן פון דער פאליטעאיסטישער וועלט די פארשידענע געטער און אונטערגעטער וואס יעדער פון זיי האט אין די הימלן פארטראטן א באזונדער געפיל אדער סענטימענט, און ארויסגעשטעלט דעם „אחד׳ אלס דעם תכלית פון תכליתים. אלס דעם סענטימענט פון סענטימענטן.

אבער דער מאנאטעאיזם האט שטארק פארפעסטיקט דעם באגריף פון הארמאניע; מיט „אחדות הבורא“ איז הארמאניזירט געווארן דער וועלטקאמפלעקס, וועלכער איז ביז דאן נאך אלץ געווען אין א כאאטישן צושטאנד. און ווי באלד, אז אלץ ציט צו איין מיטלפונקט און אלע דארפן זינגען איין ליד, האט דאך געמוזט קומען א סיסטעם פון מוזיקאלישער הארמאניע, וואס זאל אויסדריקן דעם סענטימענט פון א גלויביקן „קהל“ אין א בצבור׳דיקן „הללויה“־געזאנג צו דער גלאריע פון גאט.

אוניסאן—אדער דאס איין־שטימיקע זינגען פון א סך שטימען, איז א לאנגע צייט גענוצט געווארן אלס די איינציקע מעגליכע הארמאניע. מען האט אבער באלד דערפילט די איינפארביקייט און מאנאטאנקייט פון אזא מין „הארמאניע׳ און עס געקומען די ערפינדונג פון קאנטראפונקט אדער פאליפאניע, וואס איז אנטוויקלט געווארן צום העכסטן פונקט דורך אזעלכע ריזן־מייסטער ווי דער איטאליענער פאלעסטרינא און די דייטשן באך און הענדל.

אבער עס איז געקומען א צייט ווען די פאליפאנישע מוזיק פון דער קירכע האט געמוזט אפראנקען פון טראן. די רענעסאנס־צייט, וואס האט אויפגעהויבן א קאמף אנטקעגן דער קלויסטערישער דיקטאטור איבער דעם מענטשליכן דענקען און שאפן האט אויך ארויסגעבראכט די שטרעבונג צו רעוואלוציאניזירן די מוזיקאלישע קונסט. מען האט געזוכט „אויפצולעבן“ די אלטע גריכישע „מוזיק־דראמע“ און ניט ווויסנדיק געגנוי, וואס די מוזיק פון דער גריכישער דראמע האט מיט זיך פארגעשטעלט, האט די זוכעניש געפירט צו נייע פארמען. עס איז געקומען די אפערא אין א גאנץ נייער סיסטעם פון מוזיקאלישער הארמאניע.

די פאליפאנישע מוזיק האט נאך פונדעסטוועגן ניט געהאט אפגעשפילט איר לעצטן אקארד. דארט וואו די איטאליענער האבן איבערגעלאזן האבן די דייטשן אנגעפאנגן. שטיל און באשיידן איז זיך יאהאן סעבאסטיאן באך געזעסן אין לייפציג און געלייגט דעם בריק צווישן אלטן און נייעם. דאס זעלבע האט גלייכצייטיק געטאן הענדל, וועלכער האט זיינע מערסטע יארן פון שאפונג פארבראכט אין לאנדאן.

אזן פאר דער צייט ווערן ענטוויקלט און פארפאלקאמט פיל נייע מוזיקאלישע אינסטרומענטן, וואס הויבן אן קאנקורירן מיט דער מענטשליכער שטימע. וועלכע איז נאך אלעמען שטארק באגרעניצט אין אירע מעגליכקייטן. און אזוי קומען מיר צו די דריי ריזן פון קלאסישער מוזיק, היידן, מאצארט און בעטהאווען.

מיט היידן, מאצארט און בעטהאווען איז געקומען די פולשטענדיקע אומאפהענגיקייטס־ערקלערונג פון דער מוזיקאלישער קונסט און עס הויבט זיך אן א נייע בלאט אין איר געשיכטע. עס ווערט געשאפן דער סינטעז צווישן עמאציאנעלן און אינטעלעקטועלן און ניט נאר ווערט מוזיק א זעלבסטשטענדיקער קונסט, נאר זי ווערט די קונסט פון קונסטן. „די שפראך פון דער נשמה“, הויבט אן רעדן אין פילאזאפישע טערמינען און אנשטאט צו דינען איין־איינציקן אבסטראקט סענטימענט, ווי דאס איז געווען דער פאל מיט דער רעליגיעזער מוזיק, צושפילט זי זיך איבער דער פולער סקאלע פון מענטשליכע געפילן און הויבט אן אפשפיגלן אלץ וואס דער מענטש פילט און טראכט.

היידן, מאצארט און בעטהאווען זיינען געקומען אין א צייט, ווען די גאנצע אטמאספערע ארום איז געווען אנגעפילט מיט ספאנטאנער אקטיוויטעט; ווען מענטשן האבן פון זיך אינגאנצן ארונטערגעטרייסלט דעם פאסיוון מיטלאלטערליכן שימל: אין א צייט פון אומצייליקע ענדעקונגען, דערפינדונגען, רעוואלוציעס און נאטור באהערשונגען. פעאדאליזם איז געפאלן און עס האט זיך אנגעהויבן א לעבן פון „שטורם און דראנג', שטאל און אייזן, דאמף און מאשינערי.

עס איז געווען די צייט פון נאפאלעאן באנאפארט, פון זיינע גבורות נצחונות און ענדליכע מפלות.

אומרוהיק איז דאמאלט געווען דער מענטשליכער גייסט: מיט קפיצות הדרך האט אייראפא געשפאנט צו א ניי לעבן.

און מאכטלאז האט זיך דערפילט דער פאליפאנישער נגון פון קלויסטער. דאס אנטוואוינט קינד האט בשום אופן ניט געוואלט מער איינשלאפן אונטער די טענער פון „הללויה...“

בעטהאווען האט אמשטארקסטן רעפרעזענטירט דעם גייסט פון יענער אומרוהיקער צייט. ער איז געווען דער גייסטיקער נאפאלעאן, וואס האט איינגענומען א וועלט — מוזיקאליש. און ווי מיר ווען שפעטער זען איז געווען א צייט, ווען בעטהאווען אליין האט געזען א גרויסן שייכות צווישן אים און דעם געניאלן קריגער, אבער ניט זייער לאנג האט דאס אנגעהאלטן...

## דער גרויסער שטורם.

דעם 24טן מערץ, 1827, האט איבער דעם שטאט וויען, זיך צושטורמט א מורא'דיקער שטורם. בייזע צפון־ווינטן האבן געריסן דעכער, אראפגעווארפן שילדן, געבראכן פענסטער און ארונטערגעבלאזן קוימענס. און הינטער די ווענט פון די הייזער זיינען צושראקענע געזעסן די וויענער איינוואוינער און געוואוסט, אז עפעס אויסערגעוויינליכס קומט פאר אין דער וועלט, אבער נאר געציילטע פריינט און פאר'ערער פון דעם, וואס האט אין שטורם אויסגעהויכט זיין לעצטן אטעם האבן קלאר באגריפן דעם זין פון דער מורא'דיקער זאווערוכע.

און ווען אלץ האט זיך געגומען בארוהיקן און אויסלייטערן, אין די גאסן האבן ווידער געגומען שווייבלען און גריבלען מיט מענטשן, האט פון מויל צו מויל זיך דערטראגן די גיים: „בעטהאזווען איז געשטארבן אין שטורם“.

און לעגענדעס האבן זיך גענומען וועבן ארום בעטהאווענ'ס טויט און ביז היינטיקן טאג וויל די פאנטאזיע ניט אפגעהאקט ווערן מיט דער פשוט'ער ערקלערונג: קאאינצידענט. איז דאך דעמאלט א גרויסע און שיינע וועלט חרוב געווארן — די בעטהאווען־וועלט — און עס ווילט זיך גלויבן, אז דאס מאל איז עס געווען ניט קיין צופעליקער צוזאמענטרעף, נאר אז איינס מיט'ן צווייטן האבן געהאט אן ענגן שייכות. סיידן אלץ איז זינלאז, אפילו דאס לעבן און שאפן פון א בעטהאווען...

אבער אויב בעטהאווענ'ס אוועקגיין פון דער וועלט האט געגעבן שטאף פאר לעגענדן. זיינען אבער ניטא קיין לעגענדן וועגן זיין קומען אויף דער וועלט און די ערשטע יארן פון זיין לעבן. ס'איז א געשיכטע פון הארבע פאק־טען, א באריכט פון דחקות, הונגער און נויט. מען ווייס, אז דעם 16טן דעצעמבער, 1770, איז אין דער רהיינישער שטאט באנן געבוירן געווארן א אינגעל, וואס מען האט אים א נאמען געגעבן לודוויג. דאס אינגעל האט זיך געהאדעוועט ביי א מוטער, וואס איז געווען געצוואונגען צו ארבעטן אין רייכע הייזער אלס קעכין, ווייל זיין פאטער, יאהאן בעטהאווען, וועלכער איז געווען א טענאר־זינגער אין א כאר, פלעגט זיינע קליינע פארדינסטן פאר'שיכור'ן אין די ביר־הייזער.

אין די ערשטע דריי יאר פון לודוויג'ס לעבן האט זיין זיידע נאך גע־לעבט און ער פלעגט זארגן פאר די קינדער, אבער ווען דער זיידע איז גע־שטארבן איז די לאגע געווארן אלץ ערגער און ערגער. זיין מוטער איז קראנק געווארן און זיין פאטער האט געהאלטן אין איין שיכור'ן.

פאר דער צייט האט יאהאן בעטהאווען זיך געכאפט, אז זיין אינגעלע האט גרויס חשק צום קלאוויר. איז אים אריין אן אידעע אין קאפ: אפשר איז זיין אינגעל א וואונדער קינד און א צווייטער מאצארט? דאס שמעקט דאך עפעס מיט געלט און אסך געלט! ער האט ניט פארלוירן קיין צייט און גלייך אנגעפאנגען זיין לודוויג'ן לערנען קלאוויר. פון אנהויב איז דאס פאר'ן קינד געווען א שפיל, אבער שפעטער איז דאס געווארן א גיהנום.

דער פאטער האט געוואלט אז זיין אינגעלע זאל ווערן א ווירטואז אין איין טאג, און ער האט מיט צוואנגען אים געהאלטן ביי דער פיאנא טאג און נאכט. גאנץ אפט ווען דער פאטער פלעגט אהיים קומען פון דעם שיינק, פלעג ער ארויסשלעפן דאס קינד פון בעט און אים צווינגען צו זיצן ביי דער פיאנא ביז טאג...

אבער צום גליק פאר דער וועלט האט א דאמאלסדיקער אויסגעצייכנטער פיאניסט, מיט'ן נאמען פפייפער, זיך פאראינטערעסירט מיט'ן קינד און אים צוגענומען פון זיין טאטן. עס האט לאנג ניט גענומען און עס האט זיך ארויסגעוויזן אז דאס קינד מאכט וואונדערבארן פארטשריט און באזיצט א ליידנשאפטליכע ליבע צו מוזיק.

ווען לודוויג איז אלט געווארן 6 יאר האט פפייפער געמוזט פארלאזן באנן. פאר זיין אפפארן האט ער ניט פארגעסן זיין געניאלן תלמיד און אים פארזארגט מיט אן אנדער גוטן לערער.

מיט דעמזעלבן לערער, קריסטיאן גאטלאב ניפע, איז בעטהאווען פאר־בליבן ביז ער איז אלט געווארן 17 יאר. אין דעם יאר האט ער געמאכט זיין ערשטן באזוך אין ווינע, וואו ער האט געוואונען מאצארט'ס אנערקענונג. זיין באגעגניש מיט מאצארט'ן, וועלכער איז שוין דאמאלט געווען וועלט־בארימט, איז אן אינטערעסאנטער עפיזאד:

ס'איז געווען אין א זומער־טאג פון 1787. מאצארט איז דאן געווען שטארק באשעפטיקט מיט דער אויפפירונג פון זיין אפערע „דאן זשואן" און אינמיטן דערינען ווערט ער איינגעלאדן כון א פריינט צו פארהערן א „פאר־שפרעכנד אינגעל"... ער נעמט אן די איינלאדונג, כאטש זיין צייט איז זייער טייער, אבער ער גייט ארוים פון געדולד, ווען ער הערט דאס אינגעל שפילן א „זאך" אויף דער פיאנא און געפינט ניט מער ווי מיטלמעסי־קייט אין אים. דאס אינגעל וואס ביי דער פיאנא דערפילט מאצארט'ס קאלטקייט און וויסענדיק, אז ער האט באמת גארניט באוויזן, צו געווינען מאצארט'ס אנערקענונג, בעט ער זיך ביים קאמפאזיטאר, אז ער זאל אים שיינקען נאך אפאר מינוט און אים געבן א טעמע פאר אימפראוויזאציע. מאצארט האט אים געטאן די טובה און וואונדער־קלאנגען האבן זיך גענו־מען שיטן פון דער פיאנא. דאס איז שוין געווען ניט קיין פיאניסט, וואס שפילט אן אנדערענ'ס שאפונג, נאר בעטהאווען אליין. ס'איז געווען די ערשטע אנפלעקונג פון עפעס וואונדערליכס, וואס רייסט זיך מראיש עולם צו זיין, און מאצארט, ווי ער וואלט זיך אויפגעכאפט פון א זיסן חלום, זאגט צו זיין פריינט: „שיינקט אים די גרעסטע אויפמערקזאמקייט! ער וועט ווען־עס־איז אנמאכן א טומל אין דער וועלט"...

און וואס איז עס געווען אט די וואונדערליכע קראפט, וואס האט זיך געריסן צו „א טומל אין דער וועלט?" ס'איז געווען דער אנזאג פון א מוזיק, וואו דאס אינטעלעקטועלע מיט'ן עמאציאנעלן קומען זיך צוזאמען אן א שום „ויתרוצצו" און טענער „צורייסן זיך" אין דער ברייט און אין דער טיף, און ניט נאר ווערן פאעטישע בילדער געמאלן אין טענער, נאר די בילדער זיינען אזעלכע, וואס הויבן אן א קאנקרעטן אינהאלט, שוועבנדיק אין ספערן פון ריינער אבסטראקציע.

מיט בעטהאווען איז געקומען די מוזיק וואס איז געווארן אן אבסאלו־טער „תכלית" פאר זיך אליין, און גענומען „דערזאגן" דאס, וואס איז געבליבן ניט דערזאגט, און איז פאר זיך אליין געווארן א סוד, זיך באהעפטענדיק מיט דעם סוד פון דער וועלט...

בעטהאווען איז די גרעסטע רעטעניש. געבוירן אין דורכפאל, האט ער שווער און טראגיש געקעמפט זיין וועג צו טריאומף, און סוף כל סוף איינ־גענומען די וועלט — סימפאניש.

אבער ווי ער האט זיך געראנגלט מיט זיין שיקזאל! אט איז ער אין וויען, אויפ'ן וועג צו זיכערן ערפאלג, מיט אמאל־א ידיעה פון באנן: „מוטער האלט ביים שטארבן". שנעל קערט ער זיך אום קיין באנן און טרעפט זיין מוטער אין די לעצטע מינוטן. ער פילט, אז מיט איר איז אוועק זיין בעסטער פריינט, און ער דריקט דאס אויס אין א רירנדן בריוו, וס ער שרייבט צו א באקאנטן.

דאן פאלט אויף אים די פליכט פון א פאמיליען פארזארגער. זיין פאטער האט זיך נאך מער גענומען צום שיכור'ן און ער ווערט דער שפייזער פון א קאפעליע קליינע קינדער, וואס זיין מוטער האט איבערגעלאזן. ער האט פיינט דאס לערעריי און האט זיך א גאנץ לעבן ניט געקענט צופאסן צו אט דער פראפעסיע, אבער נויט און פליכט צווינגען אים א לאנגע צייט זיך אפצוגעבן מיט לעקציעס.

צום 22טן יאר פון זיין עלטער איז בעטהאווען ווידער אין וויען. ער לערנט א שטיקל צייט ביים צווייטן בארימטן קאמפאזיטאר, יאזעף היידן, אבער ער קאן לאנג מיט אים ניט הויזן.

היידן האלט זיך אין אלטע פרינציפן. און בעטהאָווען וויל פון זיי ניט וויסן. א גליק נאָר וואס אין דעם דראמאלסדיקן דייטשלאַנד האָבן צווישן די רייכערע קלאסן זיך געפונען אמת'ע ליבּ־האָבער פון קונסט, און מיט זייער הילף הויבּט בּעטהאָווען אָן צו גיין זיין אייגענעם פרייען וועג. עס קומען צען גליקליכע יאָר אין דעם לעבּן פון דעם גרויסן מייסטער, און צו דעם ערשטן פעריאָד פון זיין שאַפן געהערן די ערשטע און צווייטע סימפאָניעס. דריי טריאָס, די „קרייצער סאָנאַטאַ" א. א. וו. ער ווערט אויך בּארימט אלס פיאַנאָ־ווירטואָז און זיין פּאָפּולאַריטעט שטייגט.

אבער לאנג האלט ניט אָן זיין גליק. ווידער קומט א שוואַרצער וואָלקען און דער אָנפאַנג פון זיין גרעסטן אומגליק: ער הויבּט אָן פארלירן זיין חוש השמיעה, וואס וויימער אַלץ ערגער, און אין דעם יאָר 1800 כאַפּט זיך דער אומגליקליכער בּעטהאָווען, אז ער איז טויבּ ווי די וואַנט! אן אימה איז אים בּאַפאַלן. ער איז פיל אומגליקן דורכגעגאַנגען, ווי קאָן ער אבער פון זיין גרעסטן אומגליק זיך ראַטעווען? ער פאַלט אריין אין אַ פאַרצווייפלונג און שרייט אויס: „יאוש! וואס פאר אן אומגליקליכע רעטונג, און דאָך די איינציקע רעטונג וואס איז מיר געבּליבּן!" אויף ווי ווייט זיין פארצווייפלונג האָט דאמאָלט דערגרייכט, איז צו זען פון אן אויסצוג פון זיינע בּריף אין יענער צייט. ער שרייבּט צו א פריינט: „ווען איך וואָלט ניט געווען גלייענט, אז אַ מענטש טאָר זיך ניט נעמען דאָס לעבּן מיט זיין פרייען ווילן, וואָלט איך עס שוין לאנג געטאָן מיט מיינע אייגענע הענט... איך מוז זאָגן אז מיין לעבּן איז מיר געוואָרן נמאס... פאר צוויי יאָר צייט האָבּ איך אויסגעמידן געזעלשאַפט, ווייל איך קאָן ניט שרייען: „איך בּין טויבּ"... איך פארשעלט גאַנץ אָפט מיין גאַנצע עקזיסטענץ"...

אפילו אין זיין צוואה האָט בּעטהאָווען ניט פארגעסן אויסצודריקן אן איוב'שן פּראָטעסט קעגן זיין גרויזאַמען שיקזאַל. עס ווערט דאָרטן געזאָגט: „בּאַשאַפן מיט א ליידנשאַפטליכן טעמפעראַמענט, מיט אַ שטענדיקן פארלאַנג צו קומען אין געזעלשאַפט, דאָך בּין איך געווען געצוואונגען גאַנץ פרי זיך אָפּצושיידן פון מענטשן, און פירן א צוריקגעצויגענעם לעבּן: און ווען איך האָבּ צייטנווייז געפּרואווט זיך ארויסצורייסן פון מיין איינזאַמקייט בּין איך העפטיק צוריקגעשטויסן געוואָרן פון דעם בּאַנייטן בּאַוואוסטזיין, אז איך בּין טויבּ.... און דאָך איז געווען פאר מיר אומעגליך צו זאָגן צו א מענטשן: „רעדט העכער — שרייט! איך בּין טויבּ!" איך האָבּ ניט געקאָנט פּראָקלאַמירן מיין טויבּקייט אין דער צייט, ווען אלע מיינען, אז מיין געהער איז פאָלקאָמענער ווי בּיי אנדערע... וואס פאר א יסורים איך האָבּ דורכגעלעבּט, ווען איינער פלעגט מיר זאָגן, אז ער הערט די טענער פון א פלייט ערגיץ ווייט, ווייט, בּעת איך הער גאָרניט.... איך פלעג אין דער גרעסטער פארצווייפלונג אריינפאַלן בּיים געדאַנק אז אימיצער נעבּן מיר הערט א פאַסטוך־ליד פון ערגעץ ווייט, ווייט, בּעת איך הער גאָרניט"...

אָט דאָס איז געווען די טראַגעדיע פון בּעטהאָווען'ס לעבּן! געבּוירן מיט דער איידעלסטער אויער־מעמבּריין. האָט ער געהערט און געזען מוזיק דאָרט, וואו אנדערע האָבּן גאָרניט געזען און גאָרניט געהערט: פאָר אים איז די גאַנצע וועלט געווען אן אומבּאַאַרבּעטער מאַטעריאַל פאר סימפאָניעס און פלוצלונג — בּעטהאָווען ווערט גאָר טויבּ!..

ווי טראַגיש עס איז געווען, אז בּעטהאָווען האָט זיך געמוזט אויף שטענדיק שיידן פון דער פיאַנאָ, אויף וועלכער ער איז געווען דער גרעסטער ווירטואָז פון זיין צייט! זיין טויבּקייט האָט אין יאָר 1802 דע־גרייכט אַ שטופּע, אז ער האָט ניט געקאָנט הערן קיין שום קלאַנג אבער—בּעטהאָווען

גיט זיך ניט אונטער. ער האָט זיך אפילו געגן דער נאַטור געשטעלט און געזיגט...

עס איז אַ פעסטגעשטעלטער פאַקט, אַז זיינע בעסטע ווערק—אויב ניט די בעסטע שאַפונגען אין דער גאַנצער מוזיקאַלישער ליטעראַטור — האָט בעטהאָווען פאַרפאַסט דווקא דאַמאָלסט, ווען ער איז געווען פאַלשטענדיק טויב... און דאָס איז בעטהאָווענ׳ס גרעסטע וואונדער. זיין ערשט גרויס ווערק, וואָס ער האָט געשאַפן אין צייט פון נאָך ניט פאַלשטענדיקער טויב־קייט איז געווען די דריטע סימפאָניע, בעסער באַוואוסט אַלס די „סינפאָניאַ עראָאיקאַ". מיט דער דאָזיקער סימפאָניע איז פאַרבונדן איינער פון די אינ־טערעסאַנטסטע עפּיזאָדן פון בעטהאָווענ׳ס לעבן און זיין צייט.

## בעטהאָווען און נאַפּאָלעאָן.

די „סינפאָניע עראָאיקאַ" האָט פון אָנהויב געטראָגן דעם נאָמען: „נאַפּאָ־לעאָן באָנאַפּאַרט" דאָס איז געווען אַן אויסדרוק פון באַוואונדערונג צו דעם גרויסן סטראַטעגיקער, וועלכער האָט פּרעטענדירט, אַז ער איז געקומען פאַר־שפּרייטן די קערנער פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע איבער דער גאַנצער וועלט. און בעטהאָווען איז פריער פון אַלץ געווען אַ רעוואָלוציאָנער, אין פיינסטן זין פון וואָרט.

בעטהאָווען האָט זיך קיינמאָל ניט געלאָזט באַאיינפלוסן פון אַזוי גע־רופענע אויטאָריטעטן. „דער מענטש, האָט ער אַמאָל געשריבן צו אַ פריינט, דאַרף זיין פריי און עס איז פאַר אים ניטאָ קיין אויבערהערשאַפט איבער דער קעניגרייך פון מענטשליכן גייסט".

אויף ווי וויית בעטהאָווען האָט זיך ניט געלאָזט בויגן פאַר קיין אויטאָ־ריטעט קאָן דינען דער פאָלגענדער אינצידענט: ער איז אַמאָל צוזאַמען מיט דעם גרויסן דיכטער געטהע געגאַנגען בעאָבאַכטן אַ פּראָצעסיע, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פאַר דעם גרויס־פירשט רודאָלף, און דער דאַמאָלסדיקער קעניגין. געטהע האָט פאָרגעשלאָגן, זיי זאָלן זיך אָפּשטעלן ביי דער זייט צוזאַמען מיט׳ן גאַנצן עולם און בעאָבאַכטן די פּראָצעסיע.

בעטהאָווען אָבער האָט ניט איינגעשטימט צו אַזאַ פאָרשלאַג: „ניין — האָט ער געזאָגט — איך קען גיין אינמיטן!", ער האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורך דער מאַסע און האָט זיך געשטעלט אינמיטן גאַס, צוזאַמען מיט דער גאַנצער קעניגליכער סוויטע. דער גרויס־פירשט וועלכער איז געווען אַ גרויסער פאַר׳ערער פון בעטהאָווען, האָט דאַמאָלסט באַגריסט בפני כל עם ועדה דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר.

בעטהאָווענ׳ס אַן אינטימער פריינט, אַרטור שינדלער, שרייבט וועגן אים פאָלגענדעס: „בעטהאָווען איז געווען מיט דער מיינונג, אַז דער מענטש זאָל האָבן אומבאַגרענעצטע פרייהייט, און פּונקט ווי איינצעלנע מענטשן אַזוי דאַרפן נאַציעס זיין פריי. ער האָט געגלויבט אַז עס איז דאָס הייליקע רעכט פון יעדן בירגער אָנטיילצונעמען אין דער רעגירונג און זאָגן זאָגן דעות. עס איז געווען זיין זיסטע האָפענונג, אַז באָנאַפּאַרט וועט ברענגען גלייכע רעכט פאַר אַלעמען אין גאַנץ אייראָפּאַ, און אַזוי אַרום וועט קומען דאָס גליק פאַר דער מענטשהייט".

אָבער — אויך דאָ איז געקומען אַ ביטערע ענטוישונג. עס איז אָנגע־קומען צו אים די ידיעה אַז נאַפּאָלעאָן, זיין אידעאַל, איז ניט מער ווי אַ געוויינליכער אַוואַנטיוריסט... ער האָט דערהערט אַז דער „וועלט־בא־פרייער" האָט זיך געקרוינט פאַר קעניג. דאָס האָט אים ווי אַ דונער גע־

טראפן... פאר גרויס אויפרעגונג האט ער געכאפט דעם אריגינעלן מאַ־נוסקריפט פון זיין „באנאפארט" סימפאניע, ארונטערגעריסן פון איר דאס שער־בלאט וואו עס איז געשטאנען אנגעשריבן דער טיטול און עס גע־טאפטשעט מיט די פיס, שרייענדיק: „ער איז בלויז א געוויינליכער מענטש!" און אנשטאט באנאפארט האט ער דידאזיקע סימפאניע געגעבן דעם אבסט־ראקטן נאמען „סינפאניא עראאיקא... (העלדן סימפאניע).

דער נאפאלעאן־אינצידענט האט אויף אים אזוי געווירקט, אז פון דאַ־מאלסט אן האט זיך געביטן זיי גאנצער בליק אויפ'ן לעבן און זיין ארט שאפן האט אנגענומען אן אנדער כאראקטער.

„אין דער „סינפאניא עראאיקא"—שרייבט דער גרויסער פראנצויזישער שריפטשטעלער ראמעין ראלאן — פילט זיך נאך די פרישקייט פון בעטהאָ־ווען'ס לעבנס־טאג. דאס איז א סימפאניע פול מיט מענטשליכער פרייד! אבער אין זיינע שפעטערדיקע שאפונגען פילט זיך שוין אן אנדער גייסט — טענער פון מעלאנכאליע און געבראכנקייט לאזן זיך שוין פילן דא און דארט".

## בעטהאָווען און טאָלסטאָי.

צו פארדאנקען טאלסטאי'ס ראמאן, וואס טראגט דעם נאמען „קריי־צער־סאנאטא" איז בעטהאווען'ס קאמפאזיציע מיט'ן זעלבן נאמען געווארן שטארק פאפולער. עס איז געווארן א מאדע צו הערן די „קרייצער סאנאטא" מיט טאלסטאי'ס אויערן... מ'קומט צו מיט א פארטיקן פראגראם: די „פרעסטא" איז א געפערליכע זאך, די „אנדאנטע" אביסל וויניקער גע־פערליך און דער פינאל—„דער טייוול ווייסט וואס!" זיכער אבער איז פאר יעדן איינעם, וואס גלויבט פאזדנישעוו'ן אויפ'ן ווארט, אז קיין מלאכים זינגען ניט ארויס פון „קרייצער סאנאטא'.

עס זיינען אבער פאראן מענטשן וואס האבן א טבע זיך צו באציען אפיקורסיש צו מכלמרשט'דיקע פעסטגעשטעלטקייטן. טאלסטאי איז טאקע געווען א גרויסער קינסטלער און אין דער אימפרעסיע פון א קינסטלער קאן מען טאקע גאנץ אפט געפינען דעם קערן פון אמת; אבער פון דער אנדערער זייט ערשיינט טאלסטאי פאר אונז אין א מאנטל פון א פריידיקער, א מאַ־ראליסט און קוקנדיק אויף טאלסטאי דעם פריידיקער, קאן זיך דער אפיקורס פארגינען צו צווייפלען אויב די מיינונג, וואס ער לייגט אריין זיין העלד פאזדנישעוו אין מויל איבער בעטהאווען'ס „קרייצער סאנאטא" איז אין גאנצן „מסיני"... דאס מערקווירדיקסטע איז, אז פונקט ווי ס'ציט זיך ווי א רויטער פאדים איבער דעם גאנצן ראמאן יענער נסיון, וואס טאלסטאי דער פריידיקער, האט געהאט בייצושטיין אנקעגן טאלסטאי דעם קינסטלער, אט פונקט אזוי פילט זיך די צווייפאכע פערזענליכקייט פון טאלסטאי, ווען ער רעדט וועגן מוזיק בכלל און וועגן דער „קרייצער סאנאטא" בפרט. מיר זען אז פון איין זייט דעקט טאלסטאי אין א פאר שטריכן אויף א גרויסן אומבאשטרייטבארן אמת, ווען ער רעדט וועגן דער מאמענטאלער ווירקונג פון דער אומאפהענגיקער מוזיק. ער זאגט: „מוזיק זעט מיר אוים צו זיין פונקט ווי דאס געגעצן אדער דאס לאכן. איך האב ניט קיין פארלאנג צו שלאפן, אבער איך געגעץ, ווען איך זע אנדערע געגעצן; איך האב ניט קיין אורזאך צו לאכן און דאך לאך איך ווען איך זע אנדערע לאכן. מוזיק פירט מיר מאמענטאל אריין אין א געמיטס־צושטאנד פון וועלכן דער, וואס האט די מוזיק געשריבן האט זיך אין יענער צייט געפונען. מיין נשמה ווערט פארשלעפט פון זיינער און צוזאמען מיט אים, גיה איך איבער פון איין

געמיטס־צושטאנד צו א צווייטן. אבער פארוואס איז דאס? איך ווייס נארניט וועגן דעם! אבער דער, וואס האט געשריבן בעטהאווען׳ס „קרייצער סאנאטא״ האט גוט געוואוסט, פארוואס ער האט זיך געפילט אין אזא צו־שטאנד און ניט אין קיין אנדערן. יענער צושטאנד האט אים געפירט צו געוויסע האנדלונגען און דערפאר האט עס פאר אים געהאט א באדייטונג, אבער ניט פאר מיר. און דאס איז די אורזאך, ווארום מוזיק דערוועקט אן אויפרעגונג, וועלכע ווערט ניט דערפירט צו קיין ענד־ציל. למשל: עס ווערט געשפילט א מיליטערישער־מארש, די סאלדאטן גייען נאך דעם טאקט פון דעם מארש און די מוזיק איז געענדיקט. א טאנץ ווערט געשפילט, און ווען איך האב געענדיקט טאנצן איז אויס מוזיק. אבער סתם אזוי מוזיק שאפט א שטימונג, וואס פירט צו א געוויסער אומבאשטימטער „טעטיקייט, וועלכע ווערט ניט דורכגעפירט״.

און טאלסטאי האט גלייך א נאמען פאר אט דעם צושטאנד: אויפרעגונג. דאס ביז אהער ציטירטע איז אן ספק א קינסטלערישע עמפינדונג, אבער דא קומט טאלסטאי דער מאראליזאטאר און ער גיט איבער צו מוסר־זאגעריי:

„די אויפרעגונג (וואס סתם־מוזיק רופט ארויס) ווערט—זאגט ער — ניט באגלייט פון דער זאך, וואס דארף דערביי געטאן ווערן (ווי למשל דאס טאנצן—י. ר.) און אט דערפאר איז מוזיק אזוי געפערליך און ווירקט אפט־מאל אזוי מורא׳דיק״.

און טאלסטאי גיט דא אוועק אזוי ווייט ווי צו ראטן אונז, אז מיר זאלן זיך אפלערנען א מוסר פון כינע „וואו מוזיק איז אונטער דער קאנטראל פון שטאט״. שולדיק אין דעם אלעמען איז בעטהאווען׳ס סאנאטא אפוס 47 („קרייצער״), וואס האט פאזדנישעוו׳ן אריינגעבראכט אין אזא שטימונג, אז ער האט אפילו פארגעסן זיין אייפערזוכט. טאלסטאי גלויבט באמונה שלמה, אז אין סאלאנען צווישן דאמען, וואס טראגן דעקאלטירטע בלוזן און קארסעטן טאר אזא געפערלאכע מוזיק ווי די „קרייצער סאנאטא״ ניט געשפילט ווערן.

בלייבט די קשיה: איז עס באמת אזוי שרעקלאך ווי טאלסטאי שילדערט עס פאר אונז?

דאס איז א קשיה, וואס קאן ניט פארענטפערט ווערן מיט אן אבסאלוטן „ניין״, ווייל אין מוזיק קאן א מענטש מיט פאנטאזיע אריינטייטשן אלץ, וואס אים גלוסט זיך. „פראגראם־מוזיק״ (מוזיק מיט א באשטימטער אבסט־ראקטער אידייע) איז פונקט ווי דער מן, וואס די בני ישראל האבן געגעסן אין דער מדבר: איטלאכער פילט אין דעם א באזונדערן טעם. עס איז געווענדט, ווי אזוי איינער נעמט עס אויף.

ווען מען טרעט צו צו „קרייצער סאנאטא״ מיט דעם געמיטס־צושטאנד פון א פאזדנישעוו מוז מען על פי סברא פילן דעם טעם, וואס טאלסטאי האט געפילט. און ווי דען קאן דאס אנדערש זיין? פאזדנישעוו זאגט:

„ניט אין א שפיטאל פון סיפיליטיקער, וואלט איך געפירט יענעם יונגען מאן, וואס גלוסט נאך פרויען, נאר אין מיין געמיטס־צושטאנד...׳

און עס איז שוין אן אלטער כלל, אז ווען מען האט מורא פאר׳ן טייוול זעט מען אים אומעטום — אפילו דארט, וואו ער איז ניטא.

אמת, מיט די בעסטע ביאגראפישע און אפילו אויטאביאגראפישע פאקטן אין דער האנט וואלט מען ניט געקאנט געבן קיין צופרידנשטעלנדיקן

ענטפער אויף פאזדנישעוו'ס פראגע: „וואס איז געווען בעטהאווענ'ס געמיטס־צושטאנד, אין דער צייט ווען ער האט געשאפן זיין „קרייצער סאנאטא", אבער ס'איז דא א צווייטער צד, וואס טרעט שטארק ארויס אנטקעגן טאלסטאי'ס אויפפאסונג פון בעטהאווענ'ס בארימטער קאמפאזיציע. אינטערעסאנט איז דער ארויסטריט, וואס מיר געפינען אין דער מוזיק־ענציקלאפעדיע, ארויסגעגעבן פון דער ניו־יארקער יוניווערסיטי סאסייטי. אונטער דער רעדאקציע פון לואיס עלסאן. דער שרייבער פון דעם ארטיקל אין יענער ענציקלאפעדיע געהט אזוי ווייט מיט זיין קריטיק אויף טאלסטאי'ס אויפפאסונג פון דער „קרייצער סאנאטא", אז ער פארגינט זיך דארט א זאג צו טאן: „אויב עס וואלט געווען נויטיק צו באווייזן, אז טאלסטאי האט ניט פארמאגט קיין פייאיקייט צו פארשטיין מוזיק, איז גענוג אנצואווייזן אויף זיין „קרייצער סאנאטא". דער פאקט אליין, וואס ער רעדט פון בעטהאווענ'ס גרויס ווערק ווי פון א מיטל ארויסצורופן אויפרעגונג בראנדמארקט טאלסטאי'ען אויף אייביק פאר א פיליסטער פון פיליסטערס. קיינעמ'ס מוזיק איז ניט אזוי פריי פון סענזואליטעט ווי בעטהאווענ'ס און קיין אנדער ווערק זיינס ברענגט אונז ניט אריין אין אזא אטמאספערע פון ריינקייט ווי די „קרייצער סאנאטא".

„אויב", זאגט ער ווייטער, „מיר מעגן זיך אונטערנעמען פארצושלאגן א ווערטערליכן פירוש אויף אט דעם אומפארגלייכליכן מייסטערווערק וואלטן מיר עס א נאמען געגעבן: „די אוואנטיורן פון א נשמה". אין דעם ערשטן טייל דוכט זיך אונז, אז מיר זען די נשמה פון א מאן — א נייאריינגעקומענער גאסט—זיך ארומדרייענדיק אין אן אומפארשטאנענער וועלט. זיך אנשטויסנדיק אן דעם פליטער און גלאנץ פון לעבן, בלייבט זי שטיין, דערשראקן און אומזיכער. ווי זעלבסטצופרידן און גם־זו־לטובה'דיק איז דער מאטיוו, וואס כאראקטעריזירט דעם איינגעארדענטן סדר פון דער מאדערנער געזעלשאפט! „זעה מיין רייכקייט, און מאכט", זאגט די זעלבסטצופרידנקייט, „ ווי קונציק איז מיין ארגאניזאציע, ווי שטארק מיינע פונדאמענטן. ניטא קיין קנאכן אין מיין פאנצער. איך בין פאלקאם און פולשטענדיק". אבער די נשמה פרעגט דערשראקן: איז דאס אלץ? האט דאס לעבן מער ניט צו געבן ווי דאס? און צו די אלטע בארימערייען פון דעם טריאומפירענדן ריז, ענטפערט זי אלץ אפ: „איז דאס אלץ?".

„אין דעם צווייטן טייל וואנדערט די נשמה אריין אין דעם היכל פון קונסט—קונסט אין אירע צען־טויזנט פאזן, שטראלענדיק מיט שיינקייט, ארונטערפינקלענדיק מיט טויזנטער קאלירן. די נשמה וואנדערט פון סצענע צו סצענע, פאר א שטענדיק־זיך־בייטענדיקער שיינקייט — איינע אויג פארכאפענדיקער פון דער צווייטער, אבער די אינערליכע צופרידנקייט קומט אלץ ניט.

„אין דעם לעצטן טייל קומט דער ענטפער צו אירע אפט־ווידערהאלטע פראגן: נאטור צעוואקסט זיך פאר אירע אויגן ווי א בוים, וואס שפרינגט ארויס פון דער ערד, זיך הויבנדיק הויך און העכער מיט טויזנטער הענט און פליענדיק צו דער זון. עס ווארפט זיך אנטציקונג אויף אנטציקונג, קלימאקס אויף קלימאקס. דער האריזאנט ברייטערט זיך אויס, די לופט ווערט רייכער, ביז דער מעכטיקער סימבאל פון אויסגעוואקסענקייט און שטארקייט און ריינקייט באדעקט די הימלן און פילט אן די וועלט".

נאטירליך איז דאס אן אידעאליזירטע אויפפאסונג. טאלסטאי האט פון דער קאמפאזיציע ארויסגעטראגן: „אויפרעגונג", „סענזואליטעט", איז

געקומען דער מוזיקער־ענציקלאָפּעדיסט און אַנטקעגנגעשטעלט: אַ דראַנג צו העכסטער ריינקייט, שטאַרקייט, פאָלקאָמענהייט.

אָבער אינטערעסאַנט איז די לעצטע אויפפאַסונג דערמיט, וואָס אין איר געפינען מיר בעטהאָווענ׳ס ביאָגראַפיע. ניט יענע ביאָגראַפיע, וואָס באַשעפטיקט זיך מיט דאַטן און „פאַקטן“, נאָר וואָס דרינגט אַריין אין דעם גייסטיקן מהות פון דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר און זאָגט אונז: ניט אין די געשריבענע ביאָגראַפיעס נאָר אין די ווערק פון בעטהאָווען מוזן מיר זוכן דעם טיפן סוד פון בעטהאָווענ׳ס פּערזענליכקייט.

געשריבענע ביאָגראַפיעס קאָנען אונז בלויז אויף אַזויפיל העלפן, אויף וויפיל זיי גיבן אונז דעם שליסל צו בעטהאָווענ׳ס סוד. די אמת׳ע גע־שיכטע פון בעטהאָווענ׳ס לעבן האָט זיך אויטאָביאָגראַפיש אויסגעדריקט אין זיין שאַפן, וואָס איז געווען דורכאויס אינטראָספּעקטיוו.

די אוואַנטיורן פון אַ נשמה, וואָס האָט זיך געפילט פרעמד אין אונזער וועלט—דאָס איז בעטהאָווען. די וועלט וואָס אַרום אים איז געווען ניט מער ווי אַן „עולם הדמיון, עפּעס אַ מין פאַרגליווערטע אָפּשטראַלונג פון אַן „עולם האצילות“, וואָס איז אינגאַנצן מוזיק און ריין פון יעדן טומל. דערפון זיין שלימזל׳דיקייט און אומוועלטליכקייט וואָס האָבן געגעבן שטאָף פאַר אַזויפיל אַנעקדאָטן וועגן אים. אַט למשל ווערט דערציילט, אַז ביי אים איז רעכט געווען אַריינצוגיין אין אַ רעסטאָראַן, אָפּזיצן אַ שטיקל צייט און דערנאָך אַנבאָטן געלט פאַר אַ מאָלצייט, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געגעסן. אַזעלכע אַנעקדאָטן וועגן אים גייען אַרום אין די טויזנטער.

אַט אַזוי איז בעטהאָווענ׳ס גייסט שטענדיק געווען פאַרטראָגן: שטענדיק באַשעפטיקט מיט אַ פּראָבלעם, צי זאָל ער דעם אָדער יענעם אַקאָרד מאָ־דולירן אַזוי אָדער אַנדערש; צי זאָל ער ביי דער אָדער יענער נאָטע שטעלן אַזאַ שאַטירונג־צייכן אָדער אַן אַנדערן. אין דער צווישנצייט פון זיין שאַפן האָט ער ליב געהאַט אַרומצוּוואַנדערן איבער דער פרייער נאַטור, מיט אַ נאָטיץ־ביכל אין האַנט און האַלטן אין איין פאַרצייכנען נייע מוזיקאַ־לישע „טעמעס“, ריטמישע איינפאַלן, קלאַנג־קאָמבינאַציעס, ניואַנסירונ־גען.

און עס איז ניט קיין וואונדער, וואָס די עקסצענטרישקייט און שלימזל׳־דיקייט, וואָס האָט אים באַגלייט אין זיין פּראַקטישן לעבן און אין געזעל־שאַפט האָבן זיך ניט איבערגעטראָגן אויף זיין שאַפן, וואו אַלצדינג איז אַרויס פּאַרזיכטיק קאָרעגירט און פּאַרענדיקט. ער איז געווען צופיל איינ־געשלאָסן אין זיין רייכער פּערזענליכקייט, וואָס האָט זיך געריסן צו יענער אויסגעוואָקסנקייט און שטאַרקייט און ריינקייט, וואָס זאָל באַדעקן די הימלען און אַנפילן די וועלט — די וועלט, וואָס איז אַזויפיל ליידיקער געווען אָן בעטהאָווענ׳ס מוזיק...

(סוף אין קומענדיקן נומער)

# פייגל

פונם פלאטער פון א פליגל
אויף מיין בלינדן טרויער,
טוט מיר פארן זין א שפיגל
אזא שיין א בלויער.

דו מיט דיינע בלויע אויגן
פליגלסט אויף מיין זינען,
און צינדסט אן א רעגנבויגן
איבער די רואינען.

פון מיין אפגע'חרוב'ט לעבן
ביז אצינד, אצינדער,
נעמען פאר די אויגן שוועבן
טעג ווי קליינע קינדער.

טעג האלב נאקעטע און ווייסע
קעפלאך־גאלדענע קוילן,
עפעס אזא שיינע מעשה
גארנישט צו דערציילן.

בלויז אזוי פונוויטנס קוקן
קוקן מיט די אויגן
ביז זיי הויבזאן זיך טוקן
און — אוועקגעפלויגן.

פליען, פליען ערגעץ פייגל —
טעג פון יונגן טרויער,
פונם פלאטער פון א פליגל
אויף מיין בלינדן טרויער.

## כ׳האָב געשוואוירן

כ׳האָב געשוואוירן צו פארליבן זיך —
אין קיינעם ניט — אין קיינעם ניט —
נאָר אומגיין אויף דער וועלט אזוי—
פארלוירן נאָר — נאָר זוכנדיק —
זוכנדיק פארלוירענע —
פארלוירן, ניט געפינענדיק —
און ליבן ליבן קיינעם ניט —
א קיינעם ניט — א קיינעם ניט!

## אז איך וועל זען

אז איך וועל זען
דו פאָרסט אוועק—
וועל איך שמייכלען.
דיך מיט פרייד
באַלאָדן אויף דיין וועג.
און ווען דו ווייט שוין זיין,—
וועל איך וויינען אין דער שטיל,
און נאָך דיר בענקען.

## צו...

צוויי מאָל איז ער מיר געקומען שוין צו חלום—
פרייד — מיין פרייד!
צוויי מאָל האָט ער מיך שוין ליב ארומגענומען —
פרייד — מיין פרייד!

—און צוויי מאָל אויך פון זיך מיך אפגעשטויסן—
שרעק, מיין שרעק!
—אפגעשטויסן —
און מער צו זיך שוין ניט גענומען —
און אין חלום מער צו מיר שוין ניט געקומען—
שרעק— מיין שרעק!

ר. וו. עמערסאן

# SELF-RELIANCE

אידיש פון ש. ווייסמאן

כ'האב ערשט ניט לאנג געלייענט אייניקע לידער פון א בארימטן מאלער. אייגנארטיקע און ניט געוויינלאכע לידער. וואס זייער אינהאלט זאל ניט זיין, הערט אונזער נשמה א ווארנונג, וואס קומט פון אזעלכע שורות. דאס געפיל, וואס זיי ווייען אויף אונז ארויף, האט מער ווערט איידער די גרעסטע געדאנקן וואס זיי ענטהאלטן. צו האבן אמונה אין דיינע אייגענע געדאנקן, צו גלויבן אז דאס וואס איז אמת פאר דיר אין דיין אייגן הארץ איז אמת אויך פאר אלעמען—דאס איז גרויסקייט.

גיב אויסדרוק צו דיין שטומער איבערצייגונג, און זי וועט ווערן דער זין פון דער וועלט, ווייל דאס טיף אין־זיכיקע ווערט אלעמאל דאס ברייט־דרויסנדיקע, און אונזער ערשטער געדאנק דערטראגט זיך ווידער צו אונז מיט דעם שאלן פון דעם שופר של משיח.

די גאר גרויסע ווערט, וואס מיר שרייבן צו צו א משה א פלאטאן און א מילטאן איז וואס זיי האבן מבטל געווען ספרים און טראדיציעס, און האבן אויסגעדריקט ניט עמיצנס מחשבות, נאר זייערע אייגענע. א מענטש זאל זיך אויסלערנען צו דערקענען און באוואכן דעם ליכט שטראל וואס האט אויפגעבליצט איבער זיין מח און אין די טיפנישן פון זיין נשמה גיכער איידער די הימלישע ליכטיקייט פון זינגער און חכמים. ער, אבער, פאר־טרייבט פון זיך, אן שום אויפמערקזאמקייט, זיין אייגענעם געדאנק, נאר דערפאר ווייל ער איז זיינער.

אין יעדן גרויסן ווערק דערקענען מיר אונזערע אייגענע, פארשטויסענע געדאנקען. זיי קערן זיך צוריק צו אונז מיט א מין דערוויטערטער מאיעס־טעטישקייט. דאס איז די רירנדסטע לערע, וואס גרויסע קונסט ווערק ברייינגען אונז. זיי לערנען אונז זיך פעסט צו האלטן ביי אונזערע ספאנ־טאנע איינדרוקן מיט א מין גוטמוטיקער עקשנות, און אמשטארקסטן דאן ווען אלעמענס געשריי איז ניט אויף אונזער זייט. ווייל אויב ניט וועט מארגן א ווילד פרעמדער מייסטערהאפט און קלוג אויסדריקן דאס וואס מיר האבן געטראכט און געפילט די גאנצע צייט, און מיר וועלן זיין געצוואונגען אויפצונעמען מיט פיל בושה אונזערע אייגענע געדאנקן פון אנ'אנדערן.

ס'קומט א צייט אין דער גייסטיקער ענטוויקלונג פון יעדן מענשן ווען ער דערשלאגט זיך צו דער איבערצייגונג אז קנאה איז אומוויסנהייט, אז נאכאמונג איז זעלבסטמארד; אז ער מוז זיך האלטן ביי דאס זייניקע, בעסער—ערגער, ווי אלס ביי זיין איינציק חלק; אז כאטש די ברייטע וועלט איז פול מיט גוטס, קען קיין קערנדל פון נארהאפטן ווייץ ניט אנקומען צו אים אן זיין שווערער מי, וואס ער וועט אוועקגעבן דעם שטיקל ערד, וואס איז אים איבערגעגעבן געווארן צו באארבעטן. דער כח, וואס געפינט זיך אין אים איז א נייעס אין דער נאטור, און קיינער אויסער אים ווייסט ניט וואס דאס איז אזוינס וואס ער קען אויפטאן, און ער אליין אפילו ווייסט אויך ניט ביז ער האט זיך ניט אויסגעפרובירט. ניט אומזיסט געשעט עס דאס איין פנים, איין כאראקטער און איין פאקט מאכט אויף אים א שטארקן איינדרוק און אנ'אנדערער ניט. אט דער געבוי אין זיין זכרון האט זיך זיין פאראויס־באשטימטע הארמאניע. זיין אויג האט זיך אפגעשטעלט דוקא דארט וואו איין געוויסער שטראל איז געפאלן, נאר צוליב דעם אז עס זאל

קענען דערציילן וועגן דעם שטראל. זאל ער מוטיק אויסדריקן אפילו די לעצטע זילבע פון זיין ודוי.

מיר גיבן זיך א גאר קנאפן אויסדרוק, און מיר שעמען זיך גאר מיט דער געטליכער אידעע וואס יעדערער פון אונז שטעלט מיט זיך פאר. זאל מען נאר האבן פולן צוטרויען צו איר אז זי איז גלייכגעוויכטיג און וועט פירן צום גוטן, אויב זי וועט נאר געטריי איבערגעגעבן ווערן. אבער גאט וויל זיך ניט לאזן אנטפלעקן דורך פייגלינגע. נאר א געטליכער מענטש קען ארויסברענגען עטוואס געטליכעס. א מענטש דערפילט זיך פריי חדוה'דיק ווען ער האט ארייננגעטאן זיין הארץ אין זיין ארבעט אריין, און האט געטאן זיין בעסטעס, אבער דאס ניט דערזאגטע און ניט־דערטאנענע וועט אים ניט לאזן רוען. ס'איז א באפרייאונג וואס באפרייט ניט. אין אט דעם פארזוך פארלאזט אים זיין געני: ס'ווייזט אים קיין פריינדשאפט ניט ארויס קיין מוזע, קיין ערפינדונג, קיין האפנונג.

האב צוטרויען צו זיך: יעדנס הארץ וויברירט צו דער אייזערנער סטרונע. נעם אן דאס ארט וואס די השגחה עליונה האט פאר דיר אנגעמאסטן, די געזעלשאפט פון דיינע צייט־מענטשן, די פארבינדונג פון די געשעענישן. די בני עליה האבן אלעמאל אזוי געטאן, האבן זיך, אויף א קינדערשן שטייגער אנפארטרויעט צום גייסט פון זייער צייט, און האבן, ניט ווילנדיק ארויסגעוויזן זייער געפיל אז דער קדוש ברוך הוא באוועגט זייער הארץ, ארבעט דורך זייערע הענט און באהערשט זייער גאנצן וועזן. און יעצט זיינען מיר אויסגעוואקסן און מוזן זיך אונטערווארפן באהבה צו דעם זעלבן איבער־ערדישן גורל. לאמיר זיין ניט ווי די וואס ווערן פארשטופט ערגעץ אין א ווינקל, ניט ווי די פייגלינגע וואס אנטלויפן פאר דער גרויסער ענדערונג, נאר ווי אויסלייזער און מענשטן פריינט: לאמיר הייליק שטרעבן צו זיין די איידעלע מאטעריע אין די הענט פונ'ם אלמעכטיקסטן. לאמיר מוטיק שפרייזן אריבער דעם כאאס און דאס פינסטערניש.

וואסערע אמת'ע באווייזן גיט אונז די נאטור וועגן דעם ענין אין דער געשטאלט און אין דער באנעמונג פון קינדער, און אפילו פון ווילדע באשעפענישן. ניטא ביי זיי די אומזיכערקייט און ווידערווילן פון געמיט, אויך ניט דער אומצוטרוי צו זייער געפיל, וואס שאפט זיך ביי אונז נאר ווייל מיר רעכנען אויס מיט אונזערע קליינליכע חשבונות די כוחות און די מיטלן וואס שטייען אין געגנערשאפט צו אונזערע צילן. ווייל זייער ציל איז נאך גאנץ, איז זייער אויג אומבאזיגט, און ווען מיר קוקן זיי אין פנים אריין, דערפילן מיר זיך אומצופרידן מיט זיך. קינדהייט ווארפט זיך צו קיינעם ניט אונטער, אלע ווארפן זיך אונטער צו איר: אזוי אז איין קליין קינד פארוואנדלט פיר אדער פינף גרויסע אין קליינע קינדער, וואס פלאפלען און טוען תפלה דערצו. און אזוי האט גאט באוואפנט אויך די יוגנט, און די מאנליכקייט מיט אן אייגענער שארפקייט און צויבער, האט זיי געמאכט פול מיט חן און גרויסקייט, מיט אייגנשאפטן וואס לאזן זיך ניט מבטל מאכן, אויב נאר זיי וועלן זיך ביי זיי פעסט האלטן.

האלט ניט אז דאס יונגע בחור'ל באזיצט ניט קיין אינערליכע קראפט נאר דערפאר ווייל ער ווייסט ניט ווי צו רעדן מיט דיר און מיר. הער! ווער רעדט דאס אזוי קלאר און שארף אין צווייטן צימער? ס'ווייזט אויס אז ער ווייסט ווי צו רעדן צו זיינס גלייכן. מחשבותן! דאס איז דאך ער! דאס איז דאך דערזעלבער שעמעוודיקער און אומגעלומפערטער בחור, וואס האט שוין וואכן לאנג גארנישט געטאן נאר געגעסן. און יעצט דונערט ער ארויס פון זיך די ווערטער ווי שווערע גלאקן־קלאנגען. ס'ווייזט אויס אז ער ווייסט ווי

אזוי צו רעדן מיט זיינע חברים! שעמעוודיק אדער חוצפּה׳דיק. ער ווייסט שוין ווי אזוי צו לאָזן פילן אונז, די עלטערע אז מיר זיינען איבעריק.

די זאָרגלאָזיגקייט פון אינגלאָך וואס זיינען זיכער מיט זייער מאַלצייט. און וואס וואָלטן עס באַטראַכט פונקט ווי א לאָרד פאַר אַנ׳ערנידערונג עפּעס צו טאָן אדער זאָגן אום מיט ווען ס׳ניט איז שלום מאַכן. אָט דאָס איז דער געזונטער שטאַנדפּונקט פון דער מענטשליכער נאַטור. ווי שטאַרק דאָס אינגל באַהערשט די געזעלשאַפט! ער איז גאַנץ אומאָפּהענגיק, אומ־פּאַראַנטוואָרטליך: פון זיין איינענעם ווינקל ארויס באַטראַכט ער די מענטשן און זאַכן וואס גייען אים פאַרביי. גיט איבער זיי ארויס זיין אורטייל און שטראָף פאַר זייערע מעשים. און אויף זיין אייליקן און לעבעדיקן אופן באַ־צייכנט ער זיי׳ אלס גוטע, שלעכטע, אינטערעסאַנטע, נאַרישע, וואַויל־רעדנערס און צרות־אַנטוער. ער קימערט זיך קיינמאָל ניט וועגן פאָלגן און צילן. ער גיט ארויס זיין אונאָפּהענגיקן און ערליכן אורטייל. דו מוזט זיך חנ׳דלן צו אים. ער וועט עס ניט טאָן.

אָבער דער מאָן ווערט ווי פאַרשטיקט אין תּפיסה איבער זיין באַוואוסט־זיניקייט. האָט ער נאָר עפּעס געטאָן אדער קלאָר זיך אויסגעדריקט איז ער שוין ווי א געבונדענער: ער ווערט באַוואכט דורך דער ליבשאַפט אדער פיינד־שאַפט פון הונדערטער, מיט וועמענס געפילן ער מוז זיך איצט רעכנען. ניטאָ פאַר אים אזא זאַך ווי פאַרגעסן! הלואי וואָלט ער ווידער געקענט אריבערגיין צו זיין נייטראַלער געטליכער אונאָפּהענגיקייט!

דער וואָס קען פאַרגעסן אלע זיינע התחייבותן, און כאַטש ער האָט שוין איינמאָל געזען, ווידער אַמאָל קוקן מיט דער זעלבער אומבאַרירטער, אומפּאַרטייאישער, אומאָפּקויפבאַרער, און אומדערשראָקענער אומשולדיקייט מוז זיכער האַלטן מענטשן אין מורא, און ארויסרופן די וואַרימע אויפמערק־זאַמקייט פונ׳ם פּאָעט און פון דעם גרויסן מענטשן. ס׳לאָזט זיך פילן די קראַפט פון אזא אומשטערבליכן בחור. ער וועט אויסדריקן מיינונגען וועגן אלע געשעענישן פון טאָג, וועלכע וועלן איבער זייער דרינגענדער נויטוועני־דיקייט אריינזינקן אזוי ווי פּיילן, אין די אויערן פון דער וועלט און זי איבער־שרעקן.

אין אונזער איינזאַמקייט הערן מיר די שטימען, אבער ווי מיר קומען נאָר אין באַרירונג מיט דער וועלט ווערן זיי וואס שוואַכער און אונהער־באַרער. די מענטשליכע געזעלשאַפט איז אומעטום אין א פאַרשווערונג קעגן דער זעלבסט־שטענדיקייט פון יעדן איינעם פון אירע מיטגלידער. זי איז א מין אקציאָנס געזעלשאַפט, אין וועלכער די מיטגלידער זיינען מסכים, אום זיכער צו זיין מיט זייער ברויט, אויפצוגעבן זייער רעכט אויף פרייהייט און גייסטיקייט. די געזעלשאַפט פאַרלאַנגט פון יעדן די מידה טובה פון אונ־טערטעניקייט. זעלבסט־צוטרויען איז ביי איר פאַרהאַסט. זי האָט ניט האָלט ווירקליכקייטן און שאַפער: בלויז נעמען און טראַדיציעס זיינען אירע ליבלינגע.

דער וואס וויל זיין א מענטש, מוז זיך אָפּשיידן פונ׳ם כלל. דער וואס וויל אונשטערבליך זיין טאָר זיך ניט לאָזן פאַרפירן דורך דעם נאָמען „גוטס־קייט“, נאָר ער זאָל צוערשט אויספאָרשן צי ס׳איז גוטסקייט. סוף כל סוף, איז קיין זאַך ניט הייליק אויסער די גאַנצקייט פון אונזער נשמה. באַפריי זיך אליין און דו וועסט קריגן די אנערקענונג פון דער גאַנצער וועלט.

איך דערמאָן זיך אַן׳ענטפֿער וואָס כ׳בין אַמאָל געצוואונגען געווען צו געבן אַ חשובֿ׳ן בעל יועץ מײַנעם, וועלכער פֿלעג מיך באַלעסטיקן מיט די ליבע, אַלטע קירכן־לערן. ווען כ׳האָב אים געזאָגט: „וואָס האָב איך צו טאָן מיט דער הייליקייט פֿון טראַדיציעס. אַז איך לעב מיר נאָר לויט די געזעצן פֿון מײַן נאַטור״: האָט ער מיר באַמערקט: אָבער ס׳קען דאָך זײַן אַז די געפֿילן דײַנע קומען גאָר פֿון טײַוול און ניט פֿון די עולמות העליונים. אויף דעם האָב איך אים געענטפֿערט: „איך גלויב ניט אַז זיי זײַנען אַזעלכע. נאָר אויב איך בין יאָ דעם טײַוול׳ס קינד, וועל איך לעבן לויט דעם טײַוול׳ס געבאָטן״.

קיין געזעץ קען בײַ מיר ניט הייליק זײַן, אויסער דאָס געזעץ וואָס שטאַמט פֿון מײַן נאַטור. ג ו ט און ש ל ע כ ט, דאָס זײַנען בלויז נעמען. וואָס מ׳קען זיי לײַכט צושרײַבן צו דעם אָדער צו יענעם; אָבער נאָר דאָס איז גוט וואָס שטימט מיט מײַן נאַטור, און נאָר דאָס איז שלעכט וואָס איז קעגן איר.

דער מענטש דאַרף זיך באַציִען צו אַלצדינג וואָס איז קעגן אים מיט אַ בטול, גלײַך ווי אַלצדינג וואָס איז אויסער אים איז ניט מער ווי אַ טפֿל און אַ צײַטווײַליקע זאַך. איך שעם זיך ווען איך טראַכט ווי לײַכט מיר גיבן זיך אונטער צו אויפֿשריפֿטן און צו נעמען, צו גרויסע געזעלשאַפֿטן און צו אינסטיטוציעס. יעדער אַנשטענדיקער און גלאַט שאַפֿטן אין די טויטע אינסטיטוציעס. יעדער אַנשטענדיקער און גלאַט־צינגיקער מענטש האָט איבער מיר מער אײַנפֿלוס אין ממשלה ווי ער איז ווערט. איך וואָלט געדאַרפֿט אַרומגיין מיט אַ דערהויבענעם קאָפּ און מיט אַ פֿרײַלאַכן געמיט און אומעטום זאָגן דעם דרייסטן אמת. אויב רשעות און קליינליכקייט באַצירן זיך מיט׳ן מאַנטל פֿון פֿילאַנטראָפּיע, זאָל איך דאָס פֿאַרשווײַגן? אויב אַ צורייצטער היפּאָקריט נעמט זיך אָן פֿאַר דער גערעכטער קריוודע פֿון די פֿאַרשקלאַפּטע, און קומט צו מיר מיט די לעצטע נײַעס באַרבאַדאָס, פֿאַרוואָס זאָל איך צו אים ניט זאָגן: גיי דיר און האָב ליב דײַן קינד, דײַן האָלץ־העקער: זײַ פֿרײַנטלעך און באַשיידן: האַלט זיך בײַ דער מדה טובה, אָבער זאָלסט קיינמאָל ניט באַפּוצן דײַן פֿאַרהאַרטעוועטע, און רחמנות׳לאָזע אַמביציע מיט אַט דער אונגלויבלעכער ליבשאַפֿט צו שוואַרצע מענטשן טויזנטער מײַלן ווײַט פֿון דיר. דײַן ליבע צו די ווײַטע איז ניט מער ווי שנאה, צו דײַנע נאָענטע״. אמת, אַזאַ ברוך הבא וואָלט געווען האַרב און ביטער, אָבער דער אמת איז שענער איידער דער אָנשטעל פֿון ליבע. דײַן גוטסקייט מוז האָבן אַ ברעג, ווען ניט, איז דאָס גאָרניט ווערט.

מ׳מוז אָנהויבן פּרעדיקן די לערע פֿון שנאה אַלס אַ געגנגיפֿט צו דער לערע פֿון ליבע, ווען זי ווערט קליינלעך און פֿאַלש. ווען מײַן גײַסט רופֿט מיך, דאַן מײַד איך אויס טאַטע־מאַמע, ווײַב און ברודער. כ׳וואָלט גערן אויפֿגעשריבן אויף די ווינקלען פֿון מײַן טיר „קאַפּריז״. אמת איך האָף אַז ס׳איז פֿאַרט עפּעס בעסערס ווי קאַפּריז, אָבער מיר קענען דאָך ניט פֿאַרשווענדן דעם גאַנצן טאָג מיט ערקלערונגען. ערוואַרט ניט פֿון מיר אַז כ׳זאָל דיר אָנגעבן אורזאַכן פֿאַרוואָס איך זוך אויף אָדער פֿאַרוואָס איך מײַד אויס געזעלשאַפֿט. און ווידער זאָלסטו מיר ניט דערציילן דאָס וואָס איינער אַ גוט־האַרציקער מענטש האָט מיר הײַנט שוין דערציילט, אַז ס׳איז מײַן חובֿ אַוועקצושטעלן אַלע אָרימע מענטשן אויף אַ גוטן מעמד. זײַנען זיי דען מ ײַ נ ע אָרימע לײַט? איך זאָג דיר, דו נאַרישער פֿילאַנטראָפּ, אַז מיר טוט באַנג פֿאַר דעם דאָלאַר, דעם צען־סענט־שטיק, אָדער דעם סענט וואָס איך גיב אַוועק פֿאַר מענטשן ניט פֿון מײַן קרײַז. ס׳איז דאָ אַ קלאַס מענטשן צו וועמען כ׳בין

צוגעבונדן דורך קייטן פון גייסטיקער נאענטקייט: פאר זיי וואלט איך אין נעפענגניש געגאנגען ווען נויטיק. אבער דיינע פארשידנארטיקע פאלקס־צדקות: דאס ערציען שוטים אין די אוניווערזיטעטן: דאס אויפבויען פאר־זאמלונגס פלעצער צוליב'ן פוסטן ציל, צוליב וועלכן פילע אזעלכע שטייען שוין: צדקה צו שכורים, און צו אנדערע טויזנט־פאכיקע צדקה־אנשטאלטן; — אמת, כ'בין מודה מיט בושה אין הארצן אז כ'גיב זיך אפט אונטער און גיב אוועק א דאלאר, אבער ס'איז א פארשאלטענער דאלאר. וואס איך וועל אמאל האבן גענוג מוט צוריקצוהאלטן.

(ווייטערס אין צווייטן נומער)

חיים טאלמאטש

# קונסט און מנשה

בא מנשה'ן אין שטוב האט אומגעשפאצירט די קונסט מיט א גרויסן אנשטעל. די באלעבאסטע איז אין שטוב ניט געווען. מנשה'ן אליין האט מען אויך לאנג ניט געזען. געסט זיינען געקומען ווינציק און אז זיי זיינען געקומען, האבן זיי זיך אויף דער קונסט אויך ניט שטארק אומגעקוקט...

איז דער קונסט בא מנשה'ן אין שטוב געווארן ענגער, פרעמדער, און אומעדיקער.

און אז אין דרויסן איז טונקל געווארן, אויף די אנגעהויכטע שויבן האבן גענומען זיך שפליטערן די פארנאכטיקע טראפנדלאד, איז אויף דער קונסט א שווערע אומרו געפאלן. אז אומרו וואס האט פון פענסטער די פארהאנגן געריסן, און צו ווייטע הימלן זיך געצויגן. אויף די הימלן זיינען טויזנט יאריקע וואלקנס געלעגן איבערגעלייגט ווי גרויע האנטיכער, און אין זייערע באהאלטענע פאלדן, האט זיך א שטילע בייגקשאפט געשלייערט... געשלייערט און געצויגן צו ווייטע, ווייטע האריזאנטן. די קונסט מיט אנ־געטרערטע אויגן האט ארויף געקוקט צום בלויען הימל, נאכגעקוקט די ציענ־דיקע וואלקנס, און ס'הערצל איז געווארן ברייטער, פרייער און פרייער. און געטראכט האט זי אז עפעס האט די שטומע וועלט אויך א שטיקל בייגקשאפט אין איר הארצן, די גרויסע בידנע וועלט...

אז די אומרוה איז אוועק, האט קונסט פרייער אפגעאטעמט, צוגעגאנגן צו דער קליידער שאפע, אנגעטאן א לאנגע שלעפקלייד מיט שמאלע ארבל, זיך דורכגעשפאצירט איבערן שטוב, און א טראכט געטאן: מ'האט באדארפט דעם לאמפ אנצינדן, א רחמנות אויפ'ן לאמפ, ער פינסטערט דאך די יארן זיינע אפ דא... און אז ער שיינט איז אייבעט בלויז צו זיי, די שטומע קעמלן אויפ'ן טעפיך וואס טראגן נעבאך אזוי שווער מנשה'ס ארץ ישראל בייגס־שאפט... אמת, ער ווארפט אמאל א בלייכן שיין אויך צו די בראנז רעליעפן, צו די קופער רויטע טאצן, אויפ'ן האלצשניץ, שטום אבער און טונקל בלייבן קריג און וואזעס, שטום און טונקל ווי די גאלד באראמטע בילדער אויף די ווענט וואס וויקלען זיך אין זייער אייגן שווייגן, שווייגן שווייגט נאר ניט א זילבערנע קמיע, דערצייל, דערצייל דו ליבע הייליקע קמיע...

## מנשה

אז מנשה איז נאך גאר א יונגער בחור'ל געווען האט ער שוין דערפילט אז עפעס האט די וועלט פאר אים א גרויסע מיסיע צוגעגרייט, נאר וואס די

מיסיע זיינע דארף זיין, האט ער ניט געוואוסט, איז ער ארויס אין גאס געקויפט אפאר גרויסע שווארץ־בארעמטע שפאקולן און זיך ארויסגעלאזן זוכן די מיסיע זיינע...

אין גאס איז געווען יום טוב. נאר דער יום טוב איז נישט געלעגן אויף דער גאס, ווי דער שיין פון יום טוב ליכט אויף פארנאכטיקע שויבן, נאר ערגעץ אין דער לופט: און אז מנשה איז ארויס אין גאס האט עס אים געצויגן ווי ס'ציט א טיפער אפגרונט דעם גלאטן אויבערפלאך פון א לויפנדיקן טייך.

אויף איינע פון די גאסן האט זיך פארזאמלט א רעדל מענטשן; אינמיטן פונ'ם רעדל איז געשטאנען א רעדנער און געשאטן מיט אידייען וואס פון זיי האט מנשה שוין לאנג, לאנג געטראכט און דאס הארץ האט בא אים גענומען קוועלן פאר באגייסטערונג. געקוואלן ווי אין א ברונען דאס וואסער...

געקוואלן, געקוואלן, און געקוואלן...

קונסט האט ניט פארבלאנדזשעט צו מנשה'ן אין שטוב, פרייד און שמייכל האט איר אהין איינגעלאדן, און אז מנשה האט געזען אז קונסט טרעט אריבער זיין שוועל, האט אן אינערלאכע פרייד אין אים גענומען שלאגן, א פרייד וואס האט זיך אנגעהויבן אין איין ערגעץ, און זיך געענדיקט אין א צווייטן ערגעץ...

איז דער קונסט בא מנשה'ן אין שטוב זייער גוט געווען, ווארים קונסט האט ליב, אז מען זאל זיך מיט איר באגייסטערן, אז ניט, איז זי אויס קונסט...

מנשה האט יעדן טאג געציילט די פערל פון איר האלז, דורך זיינע ווארימע פינגער דורכגעזיפט די גאלדענע לאקן, און יעדן ווארט פון אירע ליפן אויף אויסנווייניק געלערנט. נאר אז מנשה האט איינמאל גענומען אריינשמייכלען זיין שטענדיקן שמייכל דער קונסט אין די אויגן, און אויף זיינע ווייסע ציין האט זיך עפעס גענומען לייגן א הינטישע אונטערטעניקייט, האט קונסט א ציטער געטאן, אפגעקערט דעם קאפ, צוגעמאכט די אויגן, און געבליבן זיצן אין שוויגן. „קונסט, מיט אירע „קאפריזן", האט מנשה געטראכט.

קונסט האט זיך אויפגעהויבן פון בּינקל, צוגעגאנגען צו דער קאנאפע, אנגעשפארט זיך אן ווייכן קאפ און געטראכט, אז אין יעדער פרייד מוז זיך כאטש א דינער באדעם פון טרויער דורכציען, אז ניט איז די פרייד קיין פרייד ניט...

און טראכטנדיק האט זיך איר קאפ א דריי געטאן צו מנשה'ן, מנשה איז געזעסן א פארטרויערטער, געוואוסט אז מער פון אלץ איז שולדיק זיין אומבאגרעניצטע באגייסטערונג, ווארום אלע מענטשנס באגייסטערונג האט גרענעצן, און זיינע ניט, און אויף זיין גלאנציק פנים האט זיך א וואלקן פארכמורעט.

דער טרויער אז אנגעשפאנטער, האט אומגעבלאנדזשעט פון איין ווינקל פנים צו א צווייטן, געזוכט פאר זיך א ווינקעלע, זיין שטן צו פארשפרייטן און ניט געפונען, ווארים מנשה'ס פנים איז אומעטום אויסגעפילט געווען ביז צו זיינע אויגן ווינקלען. און אז טרויער האט ניט געהאט וואו זיך צו לעגן, האט ער זיך גענומען בלאנדזשן, איז עס מנשה'ס שמייכל ניט געפעלן געווארן, ווארים מנשה'ס שמייכל איז ניט ווי אלע שמייכלען, וואס ליגן אין די ווינקעלאך פארבארגן און ווארטן. מנשה'ס שמייכל איז ניט קיין פארבאהאלטענער, צו מ'דארף אים, צו מ'דארף אים ניט, איז ער שטענדיק אויף דער וואך... און אז טרויער האט גענומען ארייגדרינגען אין זיינע גרעניצן, האט שמייכל פראטעסטירט: און שמייכלענדיק פריער טיף אין זיך, דערנאך אלץ פרייער און פרייער, ארויס פון זיין באהעלטעניש, און זיך צושמייכלט. דערפאר איז דארט די קונסט אזא פארטרויערטע געווען... דערפאר — —

# רעזאָנאַנסן

דורכגעבלעטערט א. רײנוויינס ביכל, „געשיכטע פון די אידן אין קא־נאדע (!)“, אזש פון דער פראנצויזישער פעריאדע ביז דער לעצטער צייט.

מיר זאגן „דורכגעבלעטערט“, ווייל לעזן קאן מען עס ניט, ס'איז ניטא וואס צו לעזן.

דאס וואס רײנוויין גיט אונז איז ניט נאר הימלווייט פון א געשיכטע פון די קאנאדער אידן נאר עס האט אפילו דעם מינדסטן ליטעראַרישן ווערט ניט.

אלץ וואס רײנוויין האט געטון, איז געווען איבערצושרייבן אינגאנצן א פאמפלעט, וואס איז מיט א זעקס יאר צוריק ערשינען אין מאָנטרעאל, צוזאמען מיט שטיקער פון דעם ארטיקל „קאנאדע“ אין דער אידיש־ענגלי־שער ענציקלאפעדיע. ער האט אויך אויסגענוצט עטלאכע ארטיקלען פון א באקאנטן קאנאדיש־אידישן שרייבער, און דאס אלץ איז די „געשיכטע“.

און גלייך אין זיין פארווארט נעמט ער מיט אייך אויס א תנאי אז „ער האט ניט ליב צוגריבלען זיך אין פערזאנען אדער פאסירונגן“; טאקע, צו וואס זיך גריבלען? אז א פארטיקע זאך איבערשרייבן איז אסך לייכטער...

אבער דאס איז נאך ניט אלץ. טשיקאווע זיינען די גרויסע האזנשפרונגען וועלכע ער מאכט שמירנדיק דעם וואסערדיקן שטאף וועלכן ער רופט געשיכטע — אט די קפיצות ווייזן אייך וואסער א גרויסער היסטאריקער ער איז. גלייך אין איינעם פון די ערשטע קאפיטלאך דערציילט ער אייך אלץ מיט אן אנדער וועגן דזשעסי דזשאזעף, און ערשט אין א שפעטערדיקן ארטיקל וועגן הזקל הארט. דער אונטערשיד איז דא באלד א יאר הונדערט. הארט איז אויסגעשלאסן געווארן פון דער „אסעמבל“ אין 1808; דזשאזעף איז געשטארבן אין מאָנטרעאל אין 1904... ער גיט אייך אן וויפיל אידן עס האבן אין וויניפעג זיך געפונען אין 1911 און וויפיל אידישע אימיגראנטן עס זיינען אין 1915, אפילו אריינגעקומען אין לאנד איידער נאך איר געפינט ביי אים א האלבן ווארט ווי אזוי דער אידישער ישוב אין וויניפעג איז ענטשטאנען. און אזוי ווייטער.

אפנים אז אזוי האט די אידישע געשיכטע אין קאנאדע זיך אנטוויקלט, אט ווי ער שרייבט עס—מיט די פיס ארויף.

אויב עס איז נויטיק אז די אידן פון קאנאדע זאלן לייענען זייער גע־שיכטע, דארפמען דאך זיי דערציילן די אמת'ע געשיכטע? אויב זיי דארפן וויסן פון א „רוויטן האָז“, א „גראגער“, (אויסגאבן אזוינע) פאר וואס זאלן זיי אויך ניט וויסן פון די גוטע ליטעראַרישע אויפטואונגען וואס איז אויך א שיכות צו זיי?

אין 1921 האָבן אַ גרופּע יונגע דיכטער אין מאָנטרעאָל ארויסגעגעבן צום ערשטן מאָל אין קאַנאַדע אַ קינסטלערישן חודש זשורנאַל, מיט'ן נאָמען „ניואַנסן", אונטער דער רעדאַקציע פון'ם טאַלאַנטפולן דיכטער י. י. סיגאַל. דריי נומערן זיינען דאַן ערשינען. און אין דעם זעלבן יאָר זיינען אויך אין מאָנטרעאָל דערשינען צוויי ביכער לידער פון די יונגע דיכטער: אַ. ש. שקאָל־ניקאָוו'ס — „פּאָר אַ ברענענדיקער זון", און י. י. סיגאַל'ס—„באַזונדער". און אין 1922 איז אויך דערשינען פון דער זעלבער גרופּע דיכטער אין מאָנטרעאָל, דער גרויסער מוסטערהאַפטער זאַמל־העפט „עפּאָכע", אונטער דער רעדאַקציע פון י. י. סיגאַל, אַ. אַלמי און אַ. ש. שקאָלניקאָוו, און דערנאָך ערשט די אומפּעריאָדישע העפטן „רוויערד", אויך אונטער דער רעדאַקציע פון י. י. סיגאַל. אַלץ ערשטע ליטעראַרישע אויפטואונגען אין קאַנאַדע. און אין דער זאַגענאַנטער ריינווייזן געשיכטע פון קאַנאַדער אידן, איז וועגן די פּיאָנערישע אַרבעטן גאַרניט דערמאָנט, אפילו אַ וואָרט ניט. דערפאַר האָט איר דאָרט אַלץ אויסער אַ געשיכטע. די אמת'ע געשיכטע שרייבט עמיצער אַנדערש, וואָס ווייס און קאָן שרייבן געשיכטע פון די אידן אין קאַנאַדע.

אַ. ש.

מיר באגריסן די דערשיינונג פון

# „קאנאַדע"

אדלער, ציללי, סי גייט, ניו־יארק
באַרסקי, ה.
בלוישטיין, ס.
בלום, ל. ס.
ברוין, מ. ל.
גארבער, דר. ה.
גאלדבערג, משה
גאלדסמאן, ל.
גארעליק, דר.
דושאף
האלענדער, איזידאר און חנה,
ניו יארק
הערשביין ברידער
וויזענבערג, ל.
ווינדאר, א.
זיידעל, י.
מאגיד, יוסף
מייערסאן, נחום
מייערסאן, משה
סקולניק, מנשה און שרה
ניו־יארק
סימאנאף, ה., אטאווא, אנט.
עלשטיין, לואיס
לאס אנדזשעלעס, קאל.
עדעלבערג, ה.
פאליסוק, ס.
פאטעל, א.
פאקס, י. ל.
קייזערמאן, ה. מ.
שאפראן, יוסף
שארף, דוד
שווארץ, ב.
שווארץ, פישל

# קאַנאַדע

פּעריאָדיש-ליטעראַרישער
זשורנאַל

צווייטער נומער
25 סענט
אָקטאָבער, 1925. מאָנטרעאָל

# קאנאדע

## פעריאדיש-ליטעראַרישער זשורנאַל

רעדאַקטירט פון י. ראַבינאָוויטש און א. ש. שקאָלניקאָוו.

אַבאָנעמענט פרייז: יערליך — $2.50
איינצעלנע נומערן — 25ס.

מיט רעדאַקציאָנעלע און געשעפט איינגעלעגנהייטן זיך ווענדן:
1102 City Hall Ave., Montreal

## אינהאַלט:

י. י. סיגאל

# לידער מיינע

לידער, לידער מיינע, איך באַשווער אייך,
נידעריקער, נידעריקער זאָלט איר זיך פאַרבייגן,
פול מיט בושה זאָלן זיין אייערע אויגן,
אזוי ווי מיינע אויגן.

אין דער שטאַנדיקער עניוות
קלייבן ליכטיקע קערנער
איבער אייך וועט זיך צעוואַקסן גרויסע ליכטיקייט —
אַ הירש מיט גאָלדענע הערנער.

לידער, לידער מיינע — איך פאַרווער אייך
גיין איבער די בלענדנדיקע גאַסן וואו עס זינגען
תאוה'דיקע פריידן אויף קרישטאָלענע פלויטן.
ביי די ווענט פון אַלטע שטיבער,
אין שאָטן פון אַלטע, אַלטע נויטן
זאָלט איר זיך שאַרן,
אזוי ווי איך.

לידער, מיינע לידער.
איר זענט דאָס גאָלד פון מיינע פינסטערע נאַכטיקע היילן.
איר זענט דאָס מיסט פון מיינע גרויע שוועלן,
וואו איך זיץ און וואַרט אויף מיין טויט.

לידער, לידער מיינע, איך באַשווער אייך.

# אפשר

איך ווייס ניט
צי האָסטו מיין געבעט איינגאַנצן שוין פאַרנומען.

אין די אָווענטן קומט אָן אין קילן שיין פון מיינע פענסטער
אַזאַ מין לייכטענדיקע שיינקייט און אַ גוטסקייט.
פרילינג גליט מיט וואַרימע הענט
די דעכער און די שוועלן פון די קליינע דאָרפשטיבער,
טייכלאַך ווערן פרומער הימל.

איצטער קומען אויך נאָך וויסטע טעג,
נאָר פונ'ם אינדערפרי וואָס בלויט איבער מיין שוועל ווי אַן אויג
שיינט זיך דורך די טרייסט פון לויטרן אָוונט.
איך קום אהיים פון יאָך
מיט מידן שווייגן.
עלנטע ווערטער ווייִנען אינדערשטיל
און ווערן איינגעשלאָפן.

אין די פענסטער קוקט די וועלט
מיט מוטערליכער גרויסער גוטסקייט.

פרייד און פריד פון מילדן גאָלד
פון העפּרסטיקן בית־עולם איבער מצבות —
די אונטן ביי מיינע פענסטער.

# אַ, אַלטע צייט

דאָס קלאַסיש־קלאָרע בלאָט פון דעם וואָס איז אוועקגעגאַנגען —
אין יענע ווינטערדיקע קאַלטע און פאַרלאָזטע נעסטן.
דאָס ליכט וואָס שפּרייט זיך ריין און פריי איבער'ן אויסגעטראָטענעם שליאַך.
דער פרידן וואָס פאַכט מיט זיינע ווייסע פליגל איבער אים.
אַ, אַלטע צייט, דו הערסט ניט די פאַרקאָוועטע טריט איבער דיין וועג,
דו הערסט ניט דאָס געשריי פון פיבערדיקן ברייטן פיסק
וואָס ס'שרייט אַרויס פון זיך דאָס וואָלפיש בלוט נאָך פייעריקן זעט,
נאָך דעם שוואַרצן ברויט פון די פאַרשלאָסענע שפּייכלערס.
איך קאָן ניט אויסהערן און קאָן ניט טראָגן אויף מיין האַרץ
דאָס שטומפּיק־פינסטער קול פון קנעכטישן חיל.
אָט ברעכט עס אויף דעם איינגעשלאָסענעם שפּייכלער.
אָט ליגט עס אויסגעלייגט איבער'ן וועג און פרעסט זיין ערליך רויב
און הויבט זיך מער ניט אויף און בלייבט אַזוי אין פוילער זעט,
און זיצט אויף זיינע האַרטע קני און שימלט איין אין זאַטער פעט.
וואַקסט אַרום אים אויף דאָס ברודיק האָב און גוטס
און אונטער אים — דאָס פעסטיקע געשטאַנק פון בלוט און שמוץ.

# ווי מעווען — אונזער לעבן

ווי מעוווען לייכטע, ווייסע איבער'ן גרויסן גרויען וואַסער אין א טריבן טאָג,
וועט דורכציען דאָס לעבן אונזערס אַזוי לייכט און אומדערהערט.
עס צופליען אין דער לופט אונזערע רייד, מעלאָדיש און מאָנאָטאָן,
און אונזערע וואונטשן פּיקן גרויע קערנער אינ'ם צופאַל פון מיטנוועג.
אונז דאַכט זיך אויס: מיר וועלן צונעמען די פליגל און ס'וועט אַלץ ליכטיק ווערן
אויף אונזער אויסגעשפּרייטער און צעוואַקסענער לייד,
וועט רעגענען מיט גאָלדענער דערפרישונג.
נאָר איינגעהאַלטן ליגט דער ווילן אין זיין קאַלטער שווערקייט.
אונטער דער אַפּאַטיע פון אונזערע מאַכטלאָזע פליגל,
וועט דורכציען דאָס לעבן אונזערס אַזוי לייכט און אומגעהערט,
נידעריק, נידעריק ביי דער ערד...

# סעפּטעמבער

גינגאָלדענע הערבסטיקע שעה'ן,
מיט אברים שווער־מיד און האַלב־טויט.
דער הימל מיט פליגל בלאָע
זיין ליכטיק גענאָד צושפּרייט.

מיט ליכטיק־פאַר'חלום'טע אויגן
דער זומער גייט דורך אויפ'ן וועג.
בוימער מיט ביינקע צווייגן

אין אומעטיק־צאַרטן שרעק.

קיל־בלאָע קלויסטער־קופּאָלן
פון די צלמים פון גאָלה אין דער הויך,
ווי פון הערבסטיקע רויטע טאָלן,
זיך־זילבערדיק דינער רויך.

טוט אַ הירזשע אַ פערד אין די שטאָלן —
וואָרימער אומעט און קעלט.
און טייכן ווי וואָלקנס, ווי שאָלן —
שטומער געוויין אויף דער וועלט.

# איצטער

איצטער שטייט שוין אַ מצבה אויף דיין קבר.
שטעט און פעלדער האָבן מיך פון דיר דערווייטערט.
תמיד אָבער שטייט פאַר מיר די וואַנט פון שטוב מיט'ן פענסטער
ביי וועלכן דו פלעגסט זיצן אין נאָכמיטאָגדיקער מידקייט.
פון דער גאַנצער שטוב פון יענער לעבט דאָס פענסטער אין מיין געדעכעניש.
פון דער גאַנצער צייט — די שעה'ן גרויע נאָכמיטאָג
און די גאָלדענע גלעזער טיי,
אויף די בלוי־געקווייטלטע שאָלן.

שטאַרקער ווינטער הערשט אין ווייטן מאָנטרעאַל.
טיפע שנייען דעקן איין די טעג און נעכט די ציטערדיקע.
ווייטע אומענדליכע ווייסע מיילן ציען זיך צו מיר פון דעם בית עולם,
פון דיין קליינער מצבה.
און איך קאָן ניט קומען,
איינאַטעמען אין זיך דיין רו.
אָפּרייסן די אויסגעשפּינטע ווייטקייט,
און וואַרימען מיין הארץ ביי דיין שטיין.

קאַלטער זילבער־שפּינוועבס שוועבט שוין אין דער לופט פון מיין יוגנט.
פרייער ווינטער קלאַפּט מיט פראָסטיקע פינגער אין מיינע נאַכטיקע פענסטער.
רופן מיך אין וועג פון קעלט און ווינט.
איך שרעק זיך ניט.
לייכט ווי אַ הויך ליגט די נאַכט אויף מיינע ברעמען.
גרינג ווי אַ קראַנקער שמעטערלינג איז דער שלאָף ביי מיין צוקאָפּענס
און ער שטאַרבט אין מיטעננאַכט.

אַלע ווייסע לאַנגע מיילען פון דיין קבר ביז צו מיר,
וועלן אויסרינען, וועלן אַנטלויפן, וועלן אויסוועבן.
איך וועל מיין קליינע האַנט אויסשטרעקן צו דיר פון בעט אַראָפּ,
און דיין ווייסע געטריי האַנט וועט אַנטקעגן קומען.
און אָננעמען מיין האַנט,
שטיל, מיט גרינגע באָרוועסע פיס,
אין ווייסן לאַנגען העמד,
וועסטו מיך אוועקנעמען
אין דיין אייביק הויז.

# ווייבער

(אַ שפּיל אין איין אַקט)

פּ ע ר ז אָ נ ע ן :

פריידע — אַ ברויט בעקערין
גרשון — איר זון
האָדל — זיין פרוי
געליע — אַ טאָכטער
העניע — אַ באַלעבאָסטע
דענים — אַ מילנער
כוואָדאָסיע — אַ גויאישע באָבע
אברהם — אַ קברות מאַן שכנות

פּרימאָרגן, אין שטוב איז אויסגעשאָטן געלער זאמד. ביים הרובע ליגן עטלאכע שייטלאַך האָלץ. די פאָדער טיר איז פארשפארט, הארט בא דער טיר שטייט אַ קופערט איבערגעדעקט מיט אַ ווייסן סערוועט. אויפ׳ן קופערט פריש געבאַקן ברויט, אויבן אַן אראָפּהענגענדיקער שטיינגל מיט צוויי בלעכענע שאָלן. אין ווינקעל אַ טיש, אַ קאַנאַפּע, צוויי שמאָלע בענקלאַך, דער טיש איז פארשפרייט מיט אַ האַנטאַך, ברויט סקאָרינקעס, ברעק־לאַך, אַ ליידיק פלעשל, און צוויי גלעזלאַך. רעכט, נאָענט צום קופערט אַ טאָפּטשאַן, אויבן אַ מולטער, צוגעדעקט מיט אַ רויטער קאָלדרע.

פריידע, אין אַ מעל פארשטויבטן קאָפּטל, שאָבט אָפּ בלעטער פון ברויט, איר פּנים גלאַנצט; גרשון זיצט ביים טיש און קוקט אריין אין אַ ספר; געליע שלעפּט צו אַ דייזשע צום הרובע, שאָבט אויס פארטריקענטע טייג און וואַרפט אין הרובע אריין.

פ ר י י ד ע (צו גרשונען): וואָלסט אפשר געהאָלפן געליען אריינ־נעמען דעם מולטער אין קיך אריין? אין שטוב איז קאַלט און די ראָשצינע וועט ניט אויפגיין.

פ ר י י ד ע מ׳דארף ניט, מ׳דארף ניט, איכ׳ל אליין אריינטראָגן.

פ ר י י ד ע : נאָך וואָס? דו ווילסט זיך נאָך, מיינע שונאים, אָנמאַכן צרות? שוין געהערט? — אליין וויל זי די דייזשע שלעפּן.

ג ר ש ו ן : וואָס אַרט דאָס דיך? זי וויל אליין — זאָל זי אליין. זי מיינט דאָך אַז זי וועט אימיצן אויסשטראַשען!

פ ר י י ד ע : אַז רק מ׳קען זיך ניט צולאָדען. ווייסט ניט וואָס מ׳האָט צווישן זיך ניט צוטיילן? דעם טאַטנ׳ס דלות! אי קינדער, קינדער! (גע־ליע גיט אַ נעם דעם מולטער, וויל טראָגן. פריידע לויפט איר נאָך, כאַפּט אונטער. אין טיר הערט זיך אַ קלאַפּן).

ג ר ש ו ן : נאַ טאַיע דווערי! (אויף יענער טיר!) עס קומען אריין העניע און פריידע).

ה ע נ י ע : פארגעסן אַז ביי דיר איז די טיר אַ צוגעשפּאַרטע. אין דרויסן איז טונקל, ט׳אַוואָרע שנייען היינט.

פ ר י י ד ע : געוואָרן קאַלט אויף אַן אמת, אַז מ׳גייט ארויס כאַפּט פאַר׳ן האַרצן.

העניע: כ'האב געוואלט פארשפארן דיין געליען א גאנג. איין לעבל
ברויט וועט זיין גענוג, פריידעניו, מארגן איז דאך שוין פרייטיק, און
זונטיק וועט דאך מירצעשעם זיין פרישער.
פריידע אז גאט וועט שיינקען געזונט — אוואדע! (לייגט ארויף
א לעבל ברויט אויפן וואג, קוקט צום ציינדל, די שאלן וויגן זיך). נו,
מילא, ס'איז דאך ניט קיין גאלד... א גילן מיט פיר. (העניע ציילט).
העניע: וואו איז ערגעץ האדל? שלאפט נאך?
פריידע: מוז נאך ליגן אין בעט.
העניע: סט'איר ניט געדארפט לאזן זיך צופיל איינליגן אין די טעג.
פריידע: נו, וואס זאל איך טאן? זי פאלגט דען? אוואדע האט
זי איצטער ניט געטארט צופיל ליגעו. אז ערשטלינג. נאר גייט מאכט
מיט איר.
העניע: מיר דאכט זיך, אז זי האט שוין געדארפט די טעג גיין
אין בעט אריין, ניין?
פריידע: איר מיינט אז איך ווייס? נאך מיין חשבון האט זי
שוין געדארפט זיין אין בעט פון צוויי וואכן. נאר גייט ווייסט ביי די ציגן!
(ביידע שמייכלען גוטמוטיק).
העניע: אט זאגט איר, זי זאל צוקומען צו מיר, דער מילנער אין
איצט בא מיר אין הויף. איך וועל איר אנשיטן אביסעל האבער אין פאר-
טוך צוטראגן זיין קליאטשע.
פריידע: זי וועצאך שעמען.
העניע: ווער וועט דאס זען?
פריידע: איכ'ל איר זאגן.
העניע: ט'אוואדע זיין א אינגל. כאטש מ'זאגט יאכבי אז מיידלאך
פארשפעטיקן זיך.
פריידע: מ'קען מיינט איר וויסן? אלע זאגן אז סט'זיין א
אינגל.
העניע: מ'זעט דאך נאכ'ן טראגן אז סט'זיין א אינגל. וועט זיין
א נאמען צום יאר...
פריידע (זיפצט): יע, ערשט פאראכטאגן געוועז זיין יאר-צייט.
ט'נאך פארכאפט צו זיין ביים בן־יחיד'ס חתונה (טרויעריג) אזוי ווי
דאס הארץ האט אים געזאגט אז ער איז שוין א גאסט.
העניע: וואס איז דא צו ריידן? מ'האט דאך שוין געזען אז ער
דארף שטארבן. נו, מסתמא איז דאך שוין אזוי באשערט! צו וואס אויפדעקן
אלטע וואונדן?
פריידע: ס'איז בא מיר, העניע, ניט קיין אלטע וואונד. כ'האב
נאך אפילו אויף איין מינוט ניט פארגעסן. מ'קען ניט פארגעסן! (וויינט).
העניע: דאס וואס די ערד דעקט צו, פריידע, מוז מען פארגעסן!
נו, און אז ער האט זיך געמוטשעט איז געווען בעסער?
פריידע: בעסער, ערגער — ס'איז מיר אלעמאל געווען גוט. נאר
פונדעסטוועגן, אז ער האט געזשיפעט איז מען נאך עפעס פארט געווען מיט
לייטן גלייך. אין שטוב איז אויך געווען אנדערש. אמת, קיין פארדינער —
זאל ער מיר מוחל זיין — איז ער טאקע ניט געווען. צו לייטן אבער איז
מען דאך ניט אנגעקומען...
העניע: אי, פריידע, פריידע! מ'טאר ניט זינדיקן! כ'לעבן,
מ'טאר ניט! ס'זיינען פאראן ערגערע, א סך ערגערע!
פריידע: פאראן, אמת. נאר איר ווייסט דאך ווי מ'זאגט: פרעמדע
פרייד איז קיין פרייד ניט און פרעמדער צער איז קיין צער ניט.

העניע: נו, און גרשון טוט נאָך אַלץ גאַרניט?

פריידע (גיט א מאַך מיט דער האַנט): אַך! — — (קוקט צו ער הערט ניט. רעט שטיל) ער איז דאָך מיין זון, נאָר קיין לייט, האָב איך מוראַ, העניע, וועט פון אים ניט זיין. אַ רחמנות נעבעך אויף איהר, אויף האַדלען.

העניע: פונדעסטוועגן פלעגט ער דאָך אַמאָל גיין, העלפן, דאָ, דאָרט?

פריידע: מ'שטיינס געזאָגט, וואָס ער פלעגט שוין דאָרט העלפן! נאָר גאָר ניט, מיט אים איז נאָך געוועזן אַ האַלבע צרה. איצט איז דאָך גאַרניט! טאַקע גאָלע גאַרניט! איר מיינט מיר שווייגן? אי איך, אי געליע... די וואַנט ענטפערט — אַזוי ענטפערט ער. ווייסט איין זאַך — דעם בית-מדרש. אמת, תורה איז טאַקע זייער אַ שיינע זאַך. אָבער העניע-לעב, די נשמה קען מען דאָך ניט אויסשפייען! די שטוב סטראַכירן דאַרף מען, די בהמה, אַ שטומע צונג — אַ ביסל קלייען, אַ שטיקל מאַקוכע... כ'ווייס, איך דאַרף אייך דערציילן? וואו זאָל מען דאָס נעמען?

העניע: טאַקע שלעכט, אַ רחמנות טאַקע אויפ'ן ווייבל. אַ שטיל ווייבל!

פריידע: וואָס רעט איר, אַ שטילע — אַ טויב! (העניע פאַריכט זיך די פאַטשיילע).

העניע: אַ רחמנות טאַקע, אַ רחמנות... נו, מ'דאַרף שוין גיין. אַ גוטן טאָג, אַ גוטן טאָג!

פריידע: הויבט אויף די האַנט, וויל עפּעס זאָגן און כאַפּט ניט) אָט גוט טאַקע וואָס כ'האָב מיך דערמאָנט: כ'האָב געוואָלט צושיקן צו אייך מיין געליען נאָך אַביסל איינגעמאַכץ. פאַר איר, פון האָדלס וועגן...

העניע: אַ פראַגע אַביסל צי איך האָב פון האָדלס וועגן איינגע-מאַכץ! שיק איר טאַקע היינט צו. אַ גוטן, אַ גוטן! (אָפּ).

פריידע (גייט צו נעענטער צום קיך. רופט): געליען! געליע! די גויע האָט שוין געבראַכט וואַסער, צי ניין?

געליע: שוין געבראַכט צוויי פּאָר.

פריידע: טאָ שטעל-זשע טאַקע צו אַ טעפּל ציקאָריע אין אויוון, און דעם גרויסען טשאַהון פאַר דער בהמה אַביסל פּוילע אָנוואַרימען. (אין דער טיר הערט זיך אַ קלאַפּען).

גרשון (הויבט זיך אויף): נאָ טאָיע דוועריו! (אויף יענער טיר!) (עס קומט אריין דעניס, נאָך אים געליע).

דעניס: אור-וואָ, קאַלט געוואָרן. מ'זיין אַ פריער ווינטער (צו פריידען) גוט מאָרגען, באַלעבאָסטע!

פריידע: גוט מאָרגן אונז, גוט מאָרגן! (לייגט צו די האַנט צום מויל. רעט צו זיך) ט'שוין זיין עפּעס נייס. דער מכשף איז שוין דאָ! (צו געליען) נו גיי שוין צו צו אים, אַן אורח אויף שבת!...

געליע: אָט ווען ער גייט אריין מאַכסטע אַן אַזאַ שרעק, אַז איך הויב שוין באַלד אויך אָן פאַר אים מורא האָבן!

פריידע: מוראַ? ער איז ניט קיין בער, נאָר פונדעסטוועגן זאָל ער דאָס בעסער באַ זיך אין בוזם אַוועקטראָגן, וואָס ער האָט אונז גע-בראַכט....

דעניס (צו געליע'ן): ברענג נאָר אַ קוואַרטשירעלע מיטן רויטן בּלעטעלע... (געליע גייט אָפּ). ער נעמט אַרויס אַ מעסערל, לייגט אַרויף זיין רימענע טאָרבע אויפ'ן טיש, נעמט זיך שניידן קליינע שטיקלאַך

חזיר. געליע ברענגט אים צו דאָס פלעשעלע און ער נעמט זיך קלאַפּן אין האנט און רעט): גרויס געוואָרן די טאָכטער דיינע, פריידע! א גרויס מיידל געוואָרן! (טרינקט).

פ ר י י ד ע: זאָלץ דיר אין די אויגן, טאַטע פּאָטער. א דערקאַטש דיר אין הארצן, פּאָטער געטרייער!

ד ע נ י ס (דרייט זיך אוים): עפּעס זעט מען ביי דיר קיין מענשן ניט היינט.

פ ר י י ד ע: מענטשן זיינען איצט פארנומען. מ'שיט אריין קאַר־טאָפל אין די גריבער, מ'שטעלט אריין די טאָפּעלע פענסטער.

ד ע נ י ס: אין שטאָט איז מען שטענדיק פארנומען. (הויבט זיך אויף, נעמט ארוים א פּאָרשמאַלצן בייטעלע מיט מאַכאָרקע, טאַפּט דאָרטן אַן א מטבע און גיט געליען. דרייט זיך אוים און קוקט צו פריידען): שוין אין אָט דער צייט! א גוטער מענטש געווען, דיין אראָן... א גוטער מענטש! דעם טאַטן זיינעם נאָך געקענט. אויך א סאָוואָסטנער מענטש געווען. ניט געבליבן קיין סך אזעלכע. (הויפּט זיך אויף און רעט ווי צו זיך) ניט גע־בליבן, ניט געבליבן! (גייט ארוים).

פ ר י י ד ע: נו, איז ער ניט קיין מכשף? רבונו של עולם, אַז דאָס וואָס ס'האָט זיך מיר גע'חלום'ט די נאכט און יענע נאכט און א גאַנץ יאָר, זאָל נאָר אויסגיין צו זיין קאָפּ!

ג ר ש ו ן: אידן טאָרן דאָך ניט גלויבן אין קיין כישוף. נאָר ווען ער גייט אריין גיט מיר אזא טשאָכק אין הארצן, אזוי ווי עפּעס וואָלט זיך מיר אָפּגעריסן.

פ ר י י ד ע: וואָס רעדסטע? אַז איך דערזע אים נאָר אויפ'ן שוועל פאַלט מיר ממש איין די דמים...

ג ע ל י ע: די מאמע און דער זון! פאַרוואָס האָב איך ניט מורא?

ג ר ש ו ן: שפּילסט זיך עפּעס מיט איר!...

ג ע ל י ע: אַז איך זע ניט וואָס איז דאָ פאַראַן מורא צו האָבן פאַר א לעבעדיקן מענטשן! מילא, פאַר א טויטן האָט מען מורא. און אָט זאָל מיר עמיצער געבן פינף רובל וואָלט איך אפילו צוועלף אזייגער ביינאכט געגאַנגען אויף די מאָהילקעס.

ג ר ש ו ן: יאָ, אויף די מאָהילקעס וואָלסטע אפשר ניט מורא געהאַט, אָבער אויפ'ן הייליקן אָרט וואָלסטע אויך געגאַנגען?

פ ר י י ד ע: זע נאָר! טפו אויף אייך! צוויי נאַראָנים האָבן זיך צו'דרשנ'ט! זי — דער העלד אין גאַטקעס, און ער — דער מאַנסביל מיינער!...

ג ע ל י ע: אויך מיר א מאַנסביל! כאַ־כאַ כאַ! (לאַכט הילכיק).

פ ר י י ד ע: צאַך צוקאָוואַליעט, דער פוסטער סמיך...

ג ע ל י ע: שאַ, מאַמע, היינטיקע נאכט האָט זיך דיר גאָרניט גע'חלום'ט?

פ ר י י ד ע: טאַקע גע'חלום'ט... אויף פוסטע וועלדער זאָל עס נאָר אויסגיין!

ג ע ל י ע: נו, דערציייל אקאָרשט, מאַמע, וואָס ס'האָט זיך דיר גע־חלום'ט.

פ ר י י ד ע: פאַר א נאָר דערציילט מען ניט קיין חלומות! (געליע לאַכט און גייט אריין אין קיך).

פ ר י י ד ע (צו גרשונען): מיינסט מיר האָט זיך טאַקע היינטיקע נאכט ניט גע'חלום'ט א מאָדנער חלום?

גרשון: א חלום איז א נאַר.

פריידע: זאָג נאַר, גרשון, אין די הייליקע ספרים איז עפּעס פאַראַן וואָס מ'טאָר א טויטן קיין שלום ניט געבן?

גרשון: אין די ספרים איז דאָס ניטאָ, נאַר מ'זאָגט, אז א טויטער נעמט ניט קיין שלום...

פריידע (אביסל דערשראָקן): נו, און אז ער נעמט?

גרשון: אז מ'ווייסט אז ס'איז א טויטער — גיט מען ניט!...

פריידע (פאַר זיך): נאַר צום גוטן, טאַטע פאָטער! נאַר צום גוטן!

גרשון: מ'זאָגט, אז א טויטער ברענגט עפּעס צו א קראַנקן, איז א סימן אז ער וועט געזונט ווערן.

פריידע: און אז...· נו, אויף פּוסטע וועלדער, אויף פּוסטע פעלדער... טפוי!... וואָס טוט דאַרטן האָדל א גאַנצן פרימאָרגן? דאָס איז זי נאָך גאָר ניט אויפגעשטאַנען?

גרשון: יאָ, זי איז שוין אויפגעשטאַנען, נאַר...

פריידע: נאַר וואָס?

גרשון: נאַר... (ווייזט מיט'ן האַנט אויפ'ן אַלקיר).

פריידע: א — — —? טאָ וואָס שווייגסטו? וואָס האָסטו מיר ניט געזאָגט? (גייט אריין אין אַלקיר, קומט באַלד ארויס).

פריידע: גנעליע! וואו ביסטו, גנעליע?! (גנעליע קומט אריין) לויף נאַר, מיין טאָכטער, אויף גיך און ברייננג כוועדאָסיען!. (גנעליע קוקט איבעראַשט. גרשון פאַרשעמט זיך, דרייט זיך אָפּ... גייט צו צום פּאַליצע, נעמט אַראָפּ דעם טלית און שטעלט זיך דאַווגען. א אידענע קומט אריין, שטעלט זיך טאַפּן דאָס ברויט).

אידענע: ס'איז א נעכטיקער צי א היינטיקער?

פריידע: גאָט איז מיט אייך, ריווע-רחל, איר זעט דאָך, אז ס'איז פרישער, נאָך כמעט וואַרעמער, (צו גרשונ'ען): גיי אריין אין אַלקער.

אידענע: עפּעס גאָר אָן טשערנישקע איז באַ אייך היינט דאָס ברויט, פריידע!

פריידע: אָן טשערנישקע? אזוי פיל אסיגנאַציעס, הערט איר, מעגן מיר ביידע פאַרמאָגן וויפיל טשערנישקעס עס געפינען זיך אין ברויט.

אידענע: נו טאָ זייט זשע מוחל, פריידע, און קלייבט איר מיר שוין אליין אויס א ברויט. זאָל ניט זיין קיין פאַרברענטער!

פריידע: גאָט איז מיט אייך. וואָס רעט איר: פאַרברענטער! עפּיס זשאַלעווע איך בלעטער, צי וואָס?

אידענע: חלילה. איך מיין דען עפּיס? אדרבא... נאַר דאָ אנומעלטן האָט זיך געמאַכט א לעבל ברויט אביסל א צוגעברענטער... וואו איז ערגעץ אייער גנעליע? שוין אוועק אין מאַרק אזוי פרי?

פריידע: אָט האָט צעך ארויסגעכאַפּט צו א שכנה.

אידענע: א מיידעל קיין עין הרע. א בריה! אז זי גייט, קיין עין-הרע, טרייסלט זיך די פּאָדלאָגע אונטער אירע פיס... יע, מחשבות'ן, כ'האָב געהערט, אז קלמנ'ס בחור שדכנ'ט זיך צו איר.

פריידע: זאָל זי נאָר זיין געזונט!

אידענע: א דאגה, מיט אזעלכע מיידלאָך איז א קליינע דאגה!

פריידע: געוואָלט עפּיס קויפן א פּלאָטקע אין מאַרק, מ'זעט עפּיס ניט קיין פיש?

אידענע: ניט זינדיקן זאָל מען מיט די רייד, מיר האָבן זיך

שוין די פֿישלאַך צוגעגעסן. איר מיינט ס'איז ניט אַן אמת? אַן אָרעמאַן עסט אויף זיין געלט אין פֿלאָטקעס.

פֿריידע: איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, בײַ מיר איז ניט אַזוי די פֿיש ווי די קאַרטאָפֿלינע, נאָר מ'זעט דען אַ קאַרטאָפֿל היינט פֿאַר די אויגן?

אידענע: קאַרטאָפֿל? מ'זעט ניט קיין גויע אויף אַ רפֿואה. אַז ס'איז גאָר היינט עפּיס אַן אויסכאַפּענעש אויף די גויעס מיט זייערע קאַרטאָפֿל! מ'קען זיך דאָך גאָר צו אַ היינטיקע גויע ניט צורירן! אַמאָל האָט מען פֿאַר אַ זעקסערל געקענט קויפֿן אַ שיינע טאָרבע קאַרטאָפֿל; היינט איז כאָטש שיט זיי אָפּ!

פֿריידע: אַז ס'גאָר קיין וואונדער ניט. אַמאָל אַז מ'האָט געזען אַ גויע אַרומטראָגן די קאַרטאָפֿל אָדער מערן האָט מען איר געלאָזן זיך גוט אָנ־טראָגן. האָט מען טאַקע נאָכדעם געקענט קויפֿן; היינט איז ווי אַ גויע באַווייזט זיך נאָר אויפֿן מאַרק לויפֿט מען אָן ווי די בינען, און פֿון דינגען זיך ווייסן דאָך אונזערע באַלעבאַטישע ווײַבלאַך ניט. טאָ פֿאַר וואָס זאָלן זיך די היינטיקע גויעס ניט לאָזן אָפּשיטען?

אידענע: נו, איז וואָס זשע מיינט איר, איז טאַקע ניטאָ וואָס צוצושטעלן! נו, מ'דאַרף שוין גיין, דער אויוון וועט בײַ מיר אויסקילן: אַ גוטן טאָג, אַ גוטן טאָג! (געהט אַרויס).

גרשון (קומט אַרויס פֿון אַלקער): אַוועק און איז נאָך ניטאָ!

פֿריידע: מסתם איז כוועדאָסיע אין שטוב ניטאָ.

גרשון: זי וויל, אַז דו זאָלסט צו איר אַרײַנגיין.

פֿריידע: אַז אָך און ווי איז מיר ט'איר נעבאָך געלאָזן אַליין, איך גיי שוין.

גרשון (גייט צו צום טיש, נעמט זיך אויסטאָן דעם טלית. זעט אַ הענטשיקע אויפֿן בענקל. רוקט ער זיך אָפּ ווי ער וואָלט זיך מורא געהאַט אָן דעם אָנרירן. גייט צו צו דער הרובע, וואַרפֿט אַרײַן אַ שטיקל האָלץ און גייט אַרײַן אין קיך. קומט צוריק מיט נאַסע הענט, גייט צו צום טיש. ווישט זיך אָפּ אָן עק האַנטאָך. נעמט אַרויס אַ מעסער פֿון טישקעסטל און נעמט זיך אָפּשניידן ברויט. פֿריידע גיט אַן עפֿן די טיר דערשרעקט ער זיך. לייגט אַוועק דעם מעסער און בלײַבט שטיין אַ פֿאַרשעמטער).

פֿריידע: ניטאָ נאָך געליע'ן? פֿאַרפֿאַלן געוואָרן! לויף נאָר אַרויס און זע וואו זי איז ערגעץ. אָבער אויך גיך! (גרשון נעמט זיך אָנ־טאָן זיין קאַפּאָטע. דער אַרבל פֿאַרטשעפּעט זיך און רייסט זיך אָפּ. ער בלײַבט שטיין אַ צוטומלטער).

פֿריידע: שוין איינמאָל אַ געראָטענער! נו, נו! גיב שוין אַהער אַ נאָדל וועל איך דיר צושטעכן.

גרשון: אַ נאָדל? וואו נעמט מען אַ נאָדל?

פֿריידע: אין קופּערט איז פֿאַראַן באַוול מיט אַ נאָדל. (גרשון עפֿנט דעם קופּערט. פֿריידע שטופּט אים אָפּ).

פֿריידע: דו וועסט דען עפּיס געפֿינען? (נעמט אַרויס אַ נאָדל מיט אַ פֿאַסמע פֿאָדים) אָט זיינען די פּעלינקעס מיט די וויקעלאַך, נעם דאָס טאַקע אַרײַן אין אַלקער. (גרשון גייט און קומט באַלד אַרויס צוריק פֿון אַלקער).

פֿריידע: נאַ ציליווע אַרײַן דעם פֿאָדעם. (זי מאַכט אַ קנופּ. שטעלט זיך הינטער אים. דערלאַנגט אים אַ פֿאָדים צום מויל): נעם נאָר, נעם אַ שטיקל פֿאָדעם אין מויל אַרײַן! דעם נאַרעשן שכל דײַנעם ניט פֿאַרנייען...

גרשון: לאז צו רו מיט דיין קלוגן שכל און מיט דיין נארעשן שכל.

פריידע: וואס זשע ס'איז בא דיר ניט קיין נארעשער שכל? די ווייבל מוטשעט זיך שוין דעם דריטן טאג און ער שוויגט.

גרשון: נו וואס האב איך איהר געזאלט טאן?

פריידע: דו ביסט דאך א מאנסביל. אום שטיינס געזאגט, ס'טגעזען אז זי דרייט זיך האסטו מיר געדארפט זאגן!

גרשון: האט זי דאך ניט געלאזן! (אין דרויסען הערן זיך טריט. געליע און כוועדאסיע קומען אריין).

פריידע: אבי איך האב שוין געוואלט שיקן א שטאפעט!

געליע: האסט געקענט שיקן צען שטאפעטן. אז זי איז ניט געוועזן אין שטוב, איז וואס האב איך געקענט טאן?

פריידע: נו, שא, נו, שא! דו ביסט גערעכט! (כוועדאסיע א פארסאפעטע טוט זיך אויס לאנגזאם, רירט זיך שווער).

כוועדאסיע (צו פריידע'ן): האסט געדארפט מאכן אין שטוב ווארעמער, גאר ווארעם! א צוויי טעפ וואסער צושטעלן, און א מולטער א ריינעם צוגרייטן.

פריידע: פאראן א טאפ וואסער אין אויוון, וועסט טאקע צו־שטעלן נאך א טעפל וואסער, געליע און זע צי דער טריפ'ער מולטער איז אן אויסגעוואשענער; און דו גרשון ברייננ אריין נאך א פאר שייטלאך האלץ. (זי גייט מיט כוועדאסיע'ן אריין אין אלקער. געליע גייט אריין אין קיך. גרשון שטעלט זיך צונויפלייגן דעם טלית און תפילין, ווארפט צו א פאר שטיקלאך האלץ אין הרובע. א אידענע קומט אריין. נאך איהר געליע).

פייגע לאה: וואו איז ערגעץ די מאמע?

געליע: אט האט זי זיך ארויסגעכאפט אין מארק.

פייגע לאה: כ'האב אויך געדארפט צוגיין אין מארק אריין. (זי קוקט צום אלקער פארדעכטיק, טאפט דאס ברויט). א קליין לעבעלע וועט זיין געגוג. כ'האב גאר מיט זיך קיין לייגעלט ניט.

געליע: געלט? איהר זייט בא אונז א גוטער בטוח.

פייגע לאה: איך האב פיינט צו בארגן.

געליע: אי, אי דאס הייסט בא אייך אויך בארגן? (זי נעמט אראפ פון דער וואג) 14 קאפיקעס.

פייגע לאה: 14 קאפיקעס? איך וועל צושיקן מיט מיין אברהם'לען.

געליע: נו, נישקאשע, נישקאשע.

פייגע לאה (גייט צו צו דער הרובע): מ'דארף שוין טאקע הייצן אויף אן אמת, געווארן קאלט, און פאר מיר איז די קעלט גאר אן אומגליק. די קליינע גייט פון די הענט ניט אראפ. זי גיט מיר די וועלט צו זען נישקאשעדיג!

געליע: ווער, אייער פעשקע?

פייגע לאה: פעשקע!

געליע: וואס איז מיט איר?

פייגע לאה: בא אזא פיצל קען מען וויסן? געמיינגט, אז ס'איז בא איר ציינדלאך, קומט צו גיין הענדע, זאגט זי, אז ביז זעקס חדשים וויסן זיי נאך ניט פון קיין ציינדלאך. אט זאגט זי, פריוו איר אויסגיסן לבנה־שיין. געמוזט ערגעץ כאפן א קוק אין שפיגל. און מיינס, אז זי איז ניט געוועזן גערעכט? אט טאקע ווי צען באבעס האבן אפגעשפראכן!

געליע: וואו האט אייער פעשקע געזען א שפיגל?

פײַנע לאה: כ'ווייס? פרעג מיר אַ גרינגערע זאַך! אפשר אין שויב צי אַזוי ערגעץ אין אַ גלאָז! נאָר זי האָט עס אַביסל אָנגעגעבן! גע־האַלטן אין איין וויינען. ניט אין וויגעלע, ניט אויף די הענט!

געליע: נו, איז וואָס האָט איר געטאָן?

פײַנע לאה: מ'האָט איר אויסגעגאָסן לבנה־שיין, איז טאַקע דאָס קינד גאָר לעבעדיק געוואָרן.

געליע: איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזען ווי מ'גיסט אויס לבנה־שיין.

פײַנע לאה: פאַראַן וואָס צו זען! מ'גייט צו צום טײַך, מ'נעמט אַן אַ קריגל שטיל וואַסער, מ'גיסט עס אַריין אין אַ הירדענער שיסל, דערנאָך נעמט מען אַן איי, מ'גיסט אַראָפּ דאָס ווײַסל און דעם געלכל גיסט מען אַרויף אין שיסל. מ'לייגט אַוועק אַ שפּינדל אויפן מיט און מ'דעקט צו מיט אַ האַנטאַך, און אַז דאָס קינד שלאָפט אײַן, שטעלט מען דאָס אונטער הינטער זײַן וויגעלע... נו, איז וואָס זשע מיינסטו? אויב ס'איז טאַקע לבנה־שיין, וועט אויף מאָרגן פרי זײַן אַן אמת'ע לבנה אויפן געלכל...

געליע: אַן אמת'ע לבנה?!

פײַנע לאה (דערזעט פריידע'ס קאָפּ אין טיר): וועסט זאָגן דער מאַמע איך וועל צושיקן פאַרן ברויט. (זי גייט אַרויס).

פריידע (קומט אַרויס, פאַרברעכט די הענט. גרשון הויבט זיך אויף, געליע לויפט צו).: שלעכט מיט איר, שלעכט! דאָס קינד גייט מיט די פיסלאַך! זי האָט זיך שוין פון די כחות אַרויסגעשלאָגן שרײַענדיק. אַזאַ אומגליק, אַזאַ אומגליק! איך האָב זיך אָבער געבעטן בײַ איר ווי מ'בעט זיך בײַ אַ גזלן: האָדעלע, ליג ניט, האָדעלע ליג ניט! און איצט האָט זי זיך אָנגעמאַכט אַזעלכע צרות! ווײ איז מיר און ווינד איז מיר! (צו גרשונ'ען): וואָס ס'טע זיך אַוועקגעשטעלט און דו קוקסט? לויף אַרויס צו וועלוול דעם מלמד און הייס אים זײַנע אינגלאַך זעצן זאָגן תהילים, דו הערסט?! אי רבונו של עולם, נעמסט אַזאַ כשר'ע אידישע טאָכטער, אַזאַ אומשולדיקע שעפעלע, אַזאַ ריינע נשמה און דו מוטשעסט! פאַר וואָס קומט דאָס איר? פאַר וועלכע זינד?

געליע: וואָס זאָגט כוועדאָסיע?

פריידע: וואָס זאָל זי זאָגן? זי ווייס וואָס צו זאָגן? דאָס קינד ווי דאָס קינד, פאַר איהר האָב איך מורא! (דענים קומט אַריין).

דענים: פאַרגעסן אַ הענטשיקע דאָ בײַ דיר, אַ וואָלענע הענטשיקע.

גרשון: דאָ, דאָ ליגט אַ הענטשיקע (ווײַזט אויפן בענקל).

פריידע: ער איז שוין ווידער דאָ? מ'דאַרף אים טאַקע דאָ איצט זייער נויטיק האָבן, זייער נויטיק! (כוועדאָסיע גיט אַן עפן די טיר, שטעלט אַרויס דעם קאָפּ. דענים דערזעט איר, לאָזט ער זיך גיין צום טיר. פריידע לויפט צום אַלקער).

כוועדאָסיע: דעם מולטער מיט הייסע וואַסער גיב אַהער!

פריידע (צעטומלט): קום, געליע, וועסט נעמען דעם מולטער. (לויפן. פריידע טראָגט דעם מולטער, געליע טראָגט דעם טאָפּ וואַסער און בלייבט שטיין בײַ דער טיר. גרשון גייט אויך צו צום טיר. געליע קוקט אַריין אין טיר דורך אַ שפּעלטל).

גרשון: עפּעס הערט מען גאָר ניט שרײַען!

געליע: זי וואַרפט עס אין מולטער אַליין און פּאַטשט.

גרשון: דו הערסט עפּעס אַ וויינען?

געליע: אודאי אַ טויטע!

גרשון: א טויטע?

געליע: אז מ׳הערט דאָך אפילו ניט קיין פּיפּס.

גרשון: אפשר איז דאָס קינד פּאַרטייעט?

געליע: א קינד פּאַרטייעט זיך ניט! (פריידע קומט ארויס).

פריידע: ניטאָ שוין וואָס צו שטיין. דאָס קינד איז א טויטע. האָט צעך נעבאָך אָנגעמוטשעט אומזיסט! אזוי ווי א פליג איז זי אוועקגעפאַלן.

געליע: א אינגעלע צי א מיידעלע?

פריידע: אַ אינגעלע, אַ קיילעכדיקינקער ווי אַן עפּעלע, מיט שוואַרצינקע הערעלאַך. מסתם איז ניט באַשערט געווען דעם טאַטען אַ נאָמען. פאַרזינדיקט! מסתמא פאַרזינדיקט!... (צו גרשונ׳ען): דו קענסט נאָך טרעפן אברהם׳ן אין בית המדרש. זי איז איינגעשלאָפן. זאָל זי בעסער ניט זען ווי מ׳נעמט עס צו. ווי א פליג איז זי אוועקגעפאַלן. אז גאָט זאָל איר נאָר געבן כחות. אַ קינפּעטאָרן, ס׳איז דען פאַראַן מיט וואָס איר צו פּאָפּראַווען? אלע מייַנע שונאים זאָלן האָבן אַזעלכע קינפּעטס און אַזעלכע האָבנס. (וויינט. גרשון גייט ארויס).

געליע: מ׳וועט דאַרפן אויסגיסן די וואַסער פון פעסל צי ניט?

פריידע: איך ווייס? פרעג מיר א גרינגערע זאַך. ט׳קומען אברהם וועט מען אים פרעגן. די וויקעלאַך, ווייס איך, אַז מ׳וועט אים דאַרפן מיטגעבן.

געליע: און די פעלינקעס אויך?

פריידע: די פעלינקעס, וואָס מ׳וויקלט אים איין. (רעט צו זיך): וואָס זשע, אַז מיר חלומ׳ט זיך איז ניט אומזיסט.

געליע: א נייעס ביי דיר חלומות!

פריידע: א חלום צו א חלום איז ניט גלייך.

געליע: וואָס זשע האָט זיך דיר גע׳חלומ׳ט?

פריידע: אז כ׳האָב זיך אויפגעכאַפּט האָט מיר געציטערט יעדער אבר. איגאַנצן געדענק איך שוין ניט. נאָר דאַכט זיך מיר, אַז איך שטיי אזוי אין קיך, אין אויוון גליט דער זשאַר, כאָטש אַן אָקס צו בראָטן, און זעקלאַך מעל אָנגעשטעלט ווי אין א שפּייכלער. פלוצים קומט אריין דער טאַטע, א שוואַרצער ווי א האָלעוועשקע. אזוי ווי כ׳האָב אים דערזען, פרעג איך: „וואָס טוסטו דאָ?‟ — געקומען צו דער חתונה — זאָגט ער. „צו וועמעס חתונה?‟ — פרעג איך אים. — וואָס הייסט צו וועמעס? — זאָגט ער — צו גרשונ׳ס. קום — זאָגט ער — לאָמיר גיין... און ער נעמט מיך אָן ביים האַנט. „דו ביסט דאָך א טויטער‟, זאָג איך. און אזוי ווי איך רעד דאָס ארויס, גיט ער אַ כאַפּ די לאָפּעטע בּאַ מיר פון האַנט און גייט ארויס — — — נאָך אינדערפרי איז מיר דער חלום ניט געפעלן געוואָרן. כ׳האָב פאַרשטאַנען, אז דער חלום וועט שוין גלאַט ניט אָפּגיין. (גרשון און אברהם קומען אריין).

אברהם: גוט מאָרגן! וואָס זשע, האָט דאָס ניט אויסגעטראָגן, צי א שלעכטער האָבן?

פריידע: געגאַנגען מיט די פּיסלאַך...

אברהם: מיט די פּיסלאַך איז שלעכט... שלעכט! ווער איז געווען די נעמערן?

פריידע: ווער זאָל זיין? כוועדאָסיע!

אברהם: כוועדאָסיע? — ניטאָ קיין בעסערע! האָט שוין גענומען אודאי דריי הונדערט! א אינגל, דאַכט זיך, האָט ער געזאָגט, א אינגל, ניט באַשערט געווען דיין אהרנ׳ען קיין נאָמען.

פרײדע (וויינט): פארזינדיקט! פארזינדיקט!

אברהם: נו, וואס איז דא דער וויינען? דו דארפסט דאנקען גאט, וואס די קימפעטארן איז לעבן געבליבן. כ'האב שוין געהערט אין בית־מדרש, האב איך שוין געהערט.

פרײדע: ט'צעך נעבאך אנגעמוטשעט גענוג!

אברהם: נו, מילא, אבי אראפגע'פטר'ט! אבי צום לעבן! האסט אביסל בראנפן, גיב, לאמיר גיין פאר פרי אהיים.

פרײדע: דערלאנג, געליע, אביסל בראנפן מיט א גלעזעל! (געליע דערלאנגט צום טיש, ער גיסט זיך אליין אן). נו, זאל מען טרינקען אויף בעסערע שמחות! „לחיים!"

פרײדע: דאס פעסל וואסער וועט מען דארפן אויסגיסן, צי ניין?

אברהם: אודאי אויסגיסן, אודאי! (ער גיסט זיך אן נאך א גלעזל. טרינקט אויס. גו גרשונ'ען) גיב נאר אן עפן די פאדערשטע טיר, גיב אן עפן! מ'טאר א מת ניט נעמען דורך דער הינטער טיר. (גרשון קלאפט אפ די קליאמקע, עפנט די טיר און פארמאכט. א שמש מיט א טלית אונטערן האנט קומט אריין פון דער הינטער־טיר. אברהם נעמט דאס פיצל, וויקלט עס איין אין פאלע און פארשטעקט זי אין גארטל.

שמש: נו, וואס הערט צעך?

אברהם: עט, א קליינס!...

(פארהאנג)

אשר ראזען

* * *

נאך רוט אויף מיר דער שטויב פון אויסגעלייגטע שליאכן,
אויף אונזערע געקרייציקטע גרינע פעלדער,
מידע פויערן שלעפן זיך אויף זיי צום דארף,
צו די ניהעריקע הייזלאך מיט די שטרויענע דעכער,
יעדן אָוונט קושט זיי די רויט פארשלאפענע זון,
א גוטע נאכט.

נאך גליט אין מיין מידקייט נאכטיק דארפישע רו,
דער איינגעהויקערטער בעטלער קלינגט מיט'ן קלויסטער גלאק,
צום וואלד,
צום פעלד,
רו!
רו!
פון וואלד שוועבט רו,
פון דער ערד בליט רו,
פון צלם — מנוחה.

נאך לעבט אין מיר די פרייד פון דארפישע יונגען,
זיי העלפן אנשעפן זייערע געליבטע עמערס וואסער.
טרינקען אן זייערע קי און חזרים,
שטייען שעמעוודיג ביים הילצערנעם פלויט,
וויקלט זיי די פינסטערניש,
פירט זיי אינ'ם וואלד.

# ווילד בלוט

אונזערע לייבער וואָס ווערן געל פון יאָרן
דעקן צו אונזערע ווייסע ביינער.
און שוואַרץ און רויט זידט דאָס בלוט אין אונז,
רוישט דאָס רויטע בלוט,
טרייבט דאָס בלוט דאָס לייב צו זינד.
ווערט פון אונזער בלוט
שדים אין דער לופט געבוירן —
שטורמען ווילדע ווינטן איבער אונזערע קעפּ.
אין אַזוי שאַרף דאָס בלוט אין אונז
און שניידט אונזער אייגן לייב.
וויינט ווילד אין אונז דאָס בלוט
אונזער זינדיק בלוט...
און געלער ווערן אונזערע לייבער פון יאָרן.

# ביים ראַנד פון בעט

ביים ראַנד פון בעט,
וואו מיר וועבן אונזער צווייזאַמען עלנט,
היימישט זיך איין דער טויט
מיט'ן לאַנגווייל פון אונזערע טעג...

צימערן שוואַך אַן שלאָף די נעכט,
ביים ראַנד פון אונזער בעט,
און בלייבן זיך
אויף'ן שאַרף פון טויט.

גייט איין אונזער בלוט,
גייט איין אין אונז און ווערט דין
און בלאַס אין אונז.
און ביים ראַנד פון בעט
אַקעגן אונז
בלאַנקט בלוי,
בלאַנקט רויט
דער רופנדיקער שאַרף פון טויט. — — — —

# שבעה

אַ גאַנצן טאָג געוויינט,
און פּלוצים זיינען אַלע שטיל געוואָרן.

גייט יעדער איינער אום איבער'ן שטוב
און קלינגט אוים די טריט זיינע פאר זיך אליין
עפּעס האָט יעהערער פון זיך פאַרלוירן...
האַלטן אַלע אַראָפּגעלאָזט די אויגן צום דיל
אַלע שווייגן,
קיינער וויל דעם טרויער ניט פאַרבייטן מיט קיין רייד.
אינ'ם טאָג וואָס גנב'עט זיך אַוועק פון פענסטער,
פלאַטערט אום דער ווידער־קול
פון אַ פאַרלוירענעם אַקאָרד...

# דער ווינט

דער ווינט קומט אָן אין וואַלד —
ווערט די בוימער קאַלט.
זיי ציטערן און ברומען,
ווי פאַר'ן אומקומען...
עס טוט דער זומער באַנק,
די זון איז בלייך און קראַנק.
און אומהיימלאַך אַזוי —
דער וואַלד, ווי פּוסט, ווי גרוי —
שטייט אין נעפּל טיף
ווי אַ בלאָנדזשענדיקע שיף.
עס וויגן בוימער אום די קעפּ:
אַזאַ כמאַרע, שוואַרץ ווי קרעפּ,
האָט דעם הימל אונז פאַרשטעלט —
און ער זייט נאָר שרעק און קעלט...

אײדאַ מאַזע

# זונען שטראַל

אַ זאַמדיק בערגל,
אַ קליינער קוואַל,
אויפ'ן זאַמד אַ זונען שטראַל.
שמעטערלינגען פליען, שפּרינגען,
דרייען זיך אַרום אין רינגען:
שימערירן די קאָלירן
אויף די פליגל פון שמעטערלינגען.
יעדער זעמדל ווי אַ דימענט
שפּיגלט זיך אין קוואַל —
ווי אַן אויסגוס פון קאָלירן
שפּרייט אויף אַלץ
דער זונען שטראַל.

י. ראַבינאָוויטש

# בעטהאָווענ׳ס סוד*)

## (סוף)

### פראַמעטעאוס געבונדן

אויב בעטהאָווענ׳ס גרויסע נשמה האָט נאָך אין זיין ערשטן שאַפונגס־פעריאָד (דער פעריאָד פון „קרייצער סאָנאַטאַ״) ניט געפונען איר פולן „תקון״ און אַלץ געהאַלטן אין איין פרעגן: „איז דאָס אַלץ?״ — — האָט זיך עס גענומען דערפון, וואָס בעטהאָווען האָט זיך נאָך ניט געהאַט אין גאַנצן אָוועקגעריסן פון דעם היידן־מאָצאַרט איינפלוס. געשיכטלעך איז עס באַקוועם צו גרופירן היידן, מאָצאַרט און בעטהאָווען, אום זיי צו מאַכן שפילן אין טריאָ די מוזיק פון אַן עפּאָכע, איז אָבער די צרה, וואָס פון צופיל מעטאָדישקייט מצד דעם היסטאָריקער ליידט די געשיכטע... עס איז אמת, אַז די דריי האָבן געלעבט כמעט אין איין צייט, אָבער דער דריטער — בעטהאָווען — זייענדיג דער איינגסטער און געניאַלסטער פון די דריי האָט לאַנג נישט געקאָנט בלייבן אין דער טריאָ.

וואָרים בעטהאָווען איז געקומען צו זיין אַליין, איזאָלירט פון יעדן איינפלוס. ווי גרויזאַם זיין גורל האָט אים באַהאַנדלט מיט׳ן אָפּטויטן אין אים דעם חוש השמיעה האָט עס אים אָבער אויף אַזוי פיל איזאָלירט פון יעדן דרויסנדיקן איינפלוס, אַז מער ווי דערמאָנונגען זענען אים ניט געבליבן, און דאָס, וואָס ער האָט ניט געקאָנט מער הערן האָט ער גענומען זען — אימאַגינאַטיוו. זיך פאַרלאָזנדיק אין גאַנצען אויף זיין איינבילדונגס־קראַפט איז זיין רייכע פאַנטאַזיע געוואָרן די איינציקע־פאַר־אים רעאַלע וועלט פון קלאַנג.

און זייענדיק ווי פראָמאָטעאָוס געבונדן צו אַ פעלז פון אַבסאָלוטער איזאָלירטקייט, איז ער ביסלעכווייז געוואָרן זיין אייגענער הערקולעס. אָפּגעשלאָסן פון דער קלאַנג־וועלט אַזוי, אַז ער האָט זיין אייגענע מוזיק ניט געקאָנט מער הערן האָט ער געלאָזט זיין רייכע פאַנטאַזיע וואַנדערן איבער אַן אויסגע׳חלומ׳טן אָלימפּ. פראָמעטעאָוס איז געבונדן געוואָרן נאָכדעם ווי ער האָט גע׳גנב׳עט דאָס פייער פון די געטער און עס געבראַכט צו מענטשן; מיט בעטהאָווענ׳ען איז עס געגאַנגען נאָך ווייטער: פריער געבונדען געוואָרן און געבונדענערהייט, מיט דער הילף פון זיין רייכער פאַנטאַזיע, אַוועק צום אָלימפּ און גע׳גנב׳עט דאָס פייער...

און אָט דאָס איז בעטהאָווענ׳ס סוד.

אין זיין איזאָלירטקייט איז בעטהאָווען אָפּגעשלאָסן געוואָרן פון יענער גרויסער פאַרפירעניש, פון וועלכער אפילו אַ היידן און אַ מאָצאַרט האָבן ניט געקאָנט זיך אין גאַנצן ארויסראַטעווען — די פאַרפירעניש פון דעם אייגענעם אויער, וואָס צווינגט צו פאַרקוקן אַלערליי מוזיקאַלישע ליגנס צוליב שיינקייט פון קלאַנג. פאַר יאָרהונדערטער איז די טאָן־קונסט געווען פאַרפירט פון מוזיקאַלישע ליגנס, וואָס האָבן פאַרנאַרט דעם אויער אין אומקינסטלערישן זאַק אַריין. פאַר אַ ביישפּיל וועלן מיר נעמען די איטאַלענישע אָפּערעס פון ראָסיני און זיינע נאָכפאָלגער. וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די־דאָזיקע אָפּערעס? שיין־קלינגענדיקע מוזיקאַלישע ליגנס, אויסגעציקלט אין אַלערליי קאָלאָראַטור־קונצן, ספּעציעל צוגעטראַכט, אום די אָדער יענע פרימאַדאָנאַ זאָל קאָנען דעמאָנסטרירען וואָקאַלע

*) זע „קאַנאַדע״ נומ. 1.

אַקראָבאַטיקס, — אָבער אָט דאָס אַלץ האָט ניט געהאַט קיין שייכות ניט מיט'ן טעקסט, ניט מיט דער גרונד-אידעע פון דער מוזיק.

ריכאַרד וואַגנער איז געווען דער מאַן, וואָס האָט באַפרייט די אָפּערע פון אירע אומקינסטלערישע פאַטשערקעס און סטענגעס, אָבער וואַגנער האָט שוין געהאַט פאַר זיך בעטהאָווענ'ס ביישפיל און ער האָט בלויז געטאָן פאַר דער אָפּערע דאָס, וואָס בעטהאָווען האָט געטאָן פאַר דער ריין-אינסטרומענטאַלער מוזיק.

די ריין-אינסטרומענטאַלע מוזיק, כאָטש זי איז קיין מאָל ניט אריינ-געפאַלן אין יענע גרויסע אַבסורדן און ליגנס, וואָס די אָפּערע, האָט זי פונדעסטוועגן געהאַט איר אייגענעם נעץ פון גאַנץ נשקשה'דיקע ליגנס. מען האָט זיך קודם כל און הויפּטזאַכלעך גערעכנט מיט'ן עפעקט און ווע-ניגער געזאָרגט פאַר דעם לאָגישן צוזאַמענהאַנג, פאַר דעם „מה ענין שמיטה אצל הר סיני"... דערפאַר ווערט טאַקע אָנגעוויזן, אַז ביי הײדנ'ען, למשל — אפילו ביי הײדנ'ען! — קאָן אַ טייל פון איין סימפאָניע גאַנץ גרינג איבערטראָגן ווערן אין אַ צווייטער און עס וועט זיך אין נייעם פּלאַץ פונקט אַזוי אַריינפּאַסן ווי אין אַלטן... אפילו מאָצאַרט'ס קאָמפּאָזיציעס זענען געווען ניט אין גאַנצן ריין פון אָט דעם חסרון. מיט רעכט ווייזט אָן וו. דזש. באַלטצעל אין זיין „היסטאָרי אָוו מיוזיק", אַז די דעפעניציע פון זשאַן זשאַק רוסאָ, דאָס מוזיק איז די קונסט פון צוזאַמענבינדן קלאַנגען אויף אַ שטייגער, וואָס זאָל זיין אָנגענעם פאַר'ן אויער" איז געווען די אָנגענומענע פאָרמולע, וואָס קיינער האָט ניט גע-וואָלט ברעכן.

בעטהאָווען האָט דאָס געטאָן. ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער מוזיק דעם גרויסן ערנסט און זיך באַפרייט פון אַלע ליגנס. אין צענטער שטייט די אידייע און אַלץ, וואָס ווענדט זיך אָפּ פון איר, אַלץ, וואָס שטערט דעם צוזאַמענהאַנג האָט ער אויסגעמידן. ער הויבט אָן מיט דער פּשוט'סטער „טעמע", פירט זי אַרום אין פאַרשידענע טאָנאַרטן, אַנטוויקלט זי ביז העכ-סטער קאָמפּליצירטקייט, וואַנדערנדיק אין אַ דזשאָנגל פון כראָמאַטישע מאָדולאַציעס, אָבער ער ווייס זיין וועג אַרויס. שטעלט ער זיך אָפּ ביי-זייטיגע עפּיזאָדן ווערן זיי ווי דורך אַ כשוף אַריינגעפירט אין דעם גרונט-כאַראַקטער פון דער קאָמפּאָזיציע און ביים לעצטן אַקאָרד פילט איר, אַז ס'איז „סוף מעשה במחשבה תחילה."

דער שלום אַקאָרד פון בעטהאָווענ'ס אַ מיטלסטן טייל פון אַ סימ-פאָניע אָדער סאָנאַטע לאָזט זעלטן איבער דעם איינדרוק, אפילו ביים מוזיקאַליש-אומוויסנדן צוהערער, אַז ס'איז שוין געקומען צייט צו פּאַטשן „בראַוואָ". (אַך, אָט די בראַוואָ-פּאַטשעריי, וואָס פאַלט אַריין ווי אַ יון אין סוכה! מיר זענען נאָך אפילו היינט ניט לויז פון דעמדאָזיקן באַר-באַריזם!...)

אָבער דאָס איז נאָך ווייט ניט אַלץ. וואָס עס פאַרכאַפּט אַמשטאַרקסטן דעם צוהערער פון בעטהאָווענ'ס מוזיק איז די מערקווירדיגע בילדלעכקייט, וואָס לויפט פאַרביי זיין גייסטיק אויג מיט אַ סובטילער לויטערקייט און מאַכט אים דורכצולעבן שטימונגען אַזעלכע ווייטע און פרעמדע און דאָך אַזעלכע נאָהנטע און אייגענע. פרעמד און ווייט — ווייל עס דערהויבט איבערן אַלטעגלעכן און גרויען: נאָהנט און אייגנס — ווייל דאָס טיף-מענטשלעכע, דאָס פּערזענלעכע און אינטימע ווערט ניט פאַרשטופּט אין הינטערגרונט. עס וואַנדערט פון שטימונג צו שטימונג און אַלץ, וואָס דער מענטש איז פעאיק דורכצולעבן און דורכצופילן ווערט אָפּגעשפּיגלט אין בעטהאָווענ'ס מוזיק.

און כאַטש איר ווייסט ניט גענוי דעם ספור המעשה פון זיין פינפ־טער סימפאָניע, למשל, פילט איר אָבער, אַז ס'איז אַ געשיכטע פון אַ נשמה, וואָס ראַנגעלט זיך מיט אַן אַנקומענדיגער מעלאַנכאָליע און ענדיקט אין אַ פּאַלשטענדיקן טריאומף. דערמאָנט זיך נאָר די „טריא", וואָס ראַנגעלט זיך מיט דעם געבראָכענעם מינאָר פון דער „סקערצאָ", אויב דיראַזיקע קאָמפּאָזיציע איז אייך באַקאַנט, און ווי עס פּאַלט דערנאָך אַריין אין טריאומפירענדן פינאַל! איז עס ניט אַ שטיק אויטאָביאָגראַפיע? איז עס ניט אויסגעדריקט אין טענער דעם בעטהאָווען אַלס דעם געבונדענעם פּראָמעטעאוס, וואָס ווערט זיין אייגענער הערקולעס און גנב'עט געבונדע־נערהייט דעם פייער פון די געטער? הערט איר ניט עפּעס ענליכס אין זיין אַפּאַסיאָנאַטאַ?

אָבער מער נאָך ווי אומעטום וויקעלט זיך פאַרנאַנדער בעטהאָווענ'ס סוד אין זיין לעצט גרויס ווערק די „כאָראַל"-סימפאָניע (די 9-טע), וואָס מיט איר איז פאַרבונדן דער לעצטער און טראַגישסטער קאַפּיטעל פון בעטהאָווענ'ס לעבן.

## אין דורשט נאָך פרייד

אין פּאַלשטענדיקער טויבקייט און איזאָלירטקייט האָט בעטהאָווען געשאַפן זיין גרעסט ווערק — די „כאָראַל"-סימפאָניע.

אָבער זיין איינבילדונגס-קראַפט האָט זיך געריסן איבער אַלע גרעניצן און פּלוצלונג דערפילט בעטהאָווען, אַז מעכאַנישע אינסטרומענטן אַליין קאָנען ניט דינען זיין גרויסן קינסטלערישן פּלאַן. ער ברעכט אָן אָנגע־נומענעם פאַרבאָט און פירט אַריין אַ כאָראַל פון מענשליכע שטימען אין דער סימפאָניע און דוקא צו אַ סטראָף פון שילער'ס „אָדע צו פרייד".

און זינגענדיק די „אָדע צו פרייד" איז בעטהאָווען געווען דאָס אומגליק אַליין. זיין טויבקייט האָט אים אינגאַנצן אָפּגעשלאָסן פון דער געזעלשאַפט און איז געווען פאַרנאַכלעסיקט און דעזערטירט פון זיינע פריינט, וועלכע האָבן מער ניט געקאָנט פאַרטראָגן זיין קרענקליכע באַ־ציאונג פון פאַרדאַכט צו זיי. עס פלעגט זיך אים אויסדאַכטן, אַז מענשן רעדן אין זיין געגנוואַרט כל דבר אסור אויף אים. דאָס האָט געבראַכט דערצו, אַז ער איז געוואָרן פאַראָרימט ווי דער דלות אַליין. חוץ דעם האָט ער פאַר דער דאָזיקער צייט געהאַט אַ היבש ביסל צרות פון זיינעם אַ פּלימעניק, וועלכער איז געבליבן אָפּהענגיק אָן אים נאָך דעם טויט פון זיין ברודער. דאָס אינגל איז עפּעס געווען ניט מיט אַלעמען און פון אַלע בעטהאָווענ'ס פּלענער צו געבן אים אַ גוטע דערציאונג און מאַכן אים פאַר אַ „גרויסן מענשן" האָט זיך אויסגעלאָזן, אַז דאָס אינגל איז אַראָפּ פון זינען און מ'האָט אים געמוזט אַוועקפירן אין אַן אַנשטאַלט.

ווי זשע פּאַסט זיך אַריין די „אָדע צו פרייד" אין אַ צייט פון אַזעלכע איבערלעבונגען?

לאָמיר הערן, וואָס וואַגנער זאָגט אין זיין געשריבענעם פּראָגראַם צו דער 9-טער סימפאָניע. וואַגנער זאָגט, אַז די גרונד־אידייע פון דער קאָמפּאָזיציע איז — דער שטענדיקער קאַמף פון דער נשמה, וואָס דורשט נאָך מענשליכער פרייד אַנטקעגן דעם ווילן פון יענער געהיימער קראַפט, וואָס שטעלט צווישן אונז און דאָס גליק.

אין'ם צווייטן טייל פון דער קאָמפּאָזיציע הערט וואַגנער אַ פיבערישן געלאַף פון אַלטע אידעאַלן צו אַ נייער און אומבאַוואוסטער גליקזעליגקייט. אין דריטן — די דערמאָנונג פון דער ריינסטער פריינד, וואָס לעבט אין זכרון פון קינדהייט אָן.

אין די ווייטערדיקע טיילן הערט וואגנער, ווי עס צושפּילט זיך אין די פאַרשידענע וואַריאַציעס בעטהאָווענ׳ס דורשט נאָך פרייד אין אַלע איהרע מאַניפעסטאַציעס.

אין אַט דעם גרויסן דורשט נאָך מענשליכער פרייד האָט געגומען צאַנקען בעטהאָווענ׳ס לעבען. און אַט דעם לעצטען פּעריאָד זיינעם האָט ער מיט זיך פאַרגעשטעלט א טראַגיש און רירענד בילד. אַט ווערט פאַר א פול־לאָדיסמענטן און בראַוואָ־געשרייען רייסען די ווענט, נאָר איינער אין זאַל, דער הויפּט־מחותן, ווייס פון גאָרניט, ווייל ער הערט ניט, ניט זיין מוזיק, ניט די האַנט־קלאַפּערייען, ניט די בראַוואָ־געשרייען...

אין דעם פּעריאָד לעבט אויך בעטהאָווען דורך א גרויסן רעליגיעזן פיבער, וואָס קריגט אַן אויסדרוק אין זיין „מיסא סאָלעמניס".

גלייך נאָך דער ערשטער אויפפירונג פון דער 9־טער סימפאָניע האָט דער קאָמפּאָזיטאָר געקראָגן א ידיעה פון משוגעים־אַנשטאַלט, אַז זיין פּלימעניק איז צוריקגעקומען צום פאַרשטאַנד. ער איז גלייך אַוועקגעפאָרן צום אַסיילום און איינמאָל, אין אַן אַסיענדיקן טאָג פון דעצעמבער, 1826, ווען ער איז געפאָרן מיט׳ן אינגל צוריק קיין ווין האָט ער זיך שטאַרק פאַרקילט. די פאַרקילונג האָט אים אַריינגעטריבן אין א לונגען־ענטציני־דונג און איז אין מערץ פון נעקסטן יאָר געשטאָרבן.

די ניינטע סימפאָניע איז דער „גראַנד פינאַל" פון יענער „סינפאָניא עראָאיקא," וואָס ניט באָנאַפּאַרט׳ס נאָר בעטהאָווענ׳ס נאָמען איז אויף איהר שער־בלאַט... און קיינער וועט קיינמאָל ניט טאָפּטשען מיט די פיס דעם נאָמען פון דער „עראָאיקא," וואָס בעטהאָווען האָט געווידמעט זיך אַליין...

און איצט, נאָך 156 יאָהר בעטהאָווען ווייסן מיר, אַז דער „גראַנד פינאַל" פון בעטהאָווענ׳ס אייגענער „עראָאיקא" האָט ניט קיין שלוס־אַקאָרד. ווען בעטהאָווען איז געשטאָרבען האָט ערגעץ וואו — מיט א גרויסען שטורם — זיך אָנגעפאַנגען פון דאָס ניי.

רבקה רויזענבלאַט

# מיין אומרו...

איך זיץ אַליין
און וויל זיין אַליין —
און קען ניט זיין אַליין —
און בין מיט דיר
מיין אומרו...

און טראַכטן וויל איך,
אַלץ פאַרטראַכטן —
און קען ניט טראַכטן —
און טראַכט פון דיר —
מיין אומרו...

א. אלמי

# פילאָזאָפיע — דער אייביקער פּראַגמאַטעאוס

(אַ קאַפּיטל פון אַ גרעסערער אַרבעט איבער פילאָזאָפיע, רעליגיע און קונסט)

פילאָזאָפיע, רעליגיע און קונסט זענען די דריי באַגלייטער פונם מענטשן זינט דעם גראָען צייט־אַלטער. די פילאָזאָפיע זוכט צו דערקלערן די וועלט, דעם מענטש און דעם צוזאַמענהאַנג פון די וועלט־דערשיינונגען, אויפצושטעלן א וועלט־סיסטעם, אַ וועלט־בילד — בקצור, שאַפן אַ תכלית אינם באַשאַף. די רעליגיע גיט דעם מענטשן אַ פאַרטיק וועלט־בילד און אַ זין, עטישע און מאָראַלישע פּרינציפּן, לויט וועלכע צו לעבן: די קונסט, אין אירע פאַרשיידנאַרטיקע אויסדרוקן, איז דעם מענטשנס אייגענע מעשי־בראשית, דאָס געטלעכע, וואָס דער באַשעפער האָט אַריינגעהויכט אין דער מענטשלעכער נשמה בעת דעם ערשטן אָנהויב, און דורך איר — דורך דער קונסט — געפינען אַן אויסוועג צו דער וועלט די פאַרבאָרגענע קרעאַטיווע כחות פונם מענטשן; דורך איר געשטאַלטן זיך, פאָרמען און פורמירן זיך אין אַ באַשטימטן יש זיינע אָנונגען, פאָרשטעלונגען און באַגריפן.

אוועקנעמענדיק די פונדאַמענטאַלע עקרים פון דער פילאָזאָפיע, רעליגיע און קונסט, — די הויפּט־איינגנשאַפטן, וואָס מאַכן די פילאָזאָפיע פאַר פילאָזאָפיע, די רעליגיע פאַר רעליגיע, די קונסט פאַר קונסט — איז שווער פאַנאַנדערצושיידן און באַשטימען די גרענעצן פון די דאָזיקע דריי אידעלע מאַטעריעס, וואָרים אין סאַמע תוך זענען זיי איינס, איין מאַטעריע, פון איין אור־קוואַל אַרויס, פון איין־און־דעמזעלביקן גייסט און „ויהי”. יעדע רעליגיע איז אין איר מהות אַ פילאָזאָפיע — אַ פילאָזאָפיע מיט אַן אַפּשלוס; זי נערט זיך פון די אייגענע שטאַם־וואָרצלען; די פילאָזאָפיע ווידער איז אין איר תוך רעליגיעז, טעאיסטיש — אפילו די מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע, ווייל אויך זי לעבט „מיטן קאָפּ אין הימל”, ווי די רעליגיע. אפילו דער גרויסער פּראַגן־שטעלער און אָפּפרעגער עמנואל קאַנט, וואָס האָט אין זיין צייט אַזאַ דערשיטערנדיקן קלאַפּ דערלאַנגט דער מעטאַפיזיק, האָט צום סוף נישט געקענט אויסקומען אָן איר און האָט פאַר איר געמוזט מאַכן פּלאַץ אין זיין וועלט־סיסטעם — אמת, מיט „באַדינגונגען”, ווי אַ נויטיקע פונקציע, אַ צענטראַל־פּונקט, וואָס ברענגט אַריין אַ זין אין אונזער זיין, אַ רעגולירונג אין אונזער לעבן; מעגן אומשטערבליכקייט, גאָט א. אַז. וו. זיין בלויז פאָרשטעלונגען, פיקציעס, זענען זיי דאָך רעאַל אַלס ווערטן, וואָס לעבן אין אונז. דער צו־קלוגער וואָלטעיר האָט עס גוט פאַרשטאַנען, אַז „ווען גאָט וואָלט נישט עקזיסטירט, וואָלטן מיר אים געדאַרפט אויסטראַכטן” — ווייל אָן גאָט, ווי דער אָנהויב און דער צענטר פון אַלץ, איז נישטאָ קיין גאַנץ וועלט־בילד, קיין תכלית אינם באַשאַף.

די קונסט שטעלט מיט זיך פאָר אַ סינטעז צווישן פילאָזאָפיע און רעליגיע. זי איז פילאָזאָפיע אויף וויפיל זי דרינגט אַריין — און טייטשט אויס — אַלץ איינס אָדער אינטעלעקטועל אָדער אינטואיטיוו — די וועלט־דערשיינונגען און די מענטשלעכע נשמה; אויף וויפיל איר געלינגט צו באַשאַפן אַ גאַנץ בילד פון די ברוכשטיקער אין אונז און אויסער אונז: רעליגיע איז זי אויף וויפיל זי גיט אונז בילדלעכע פאָרשטעלונג, צענטראַל־פּונקט און צענטראַל־אידעע. דער שורש פון דער קונסט רוט אינם אור־שפּרונג פון רעליגיע. דער מענטש האָט זיינע ערשטע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען פאַרקערפּערט אין בילדער, פון וועלכן עס האָט זיך שטופנווייז

אַנטוויקלט די פּלאַסטישע קונסט; אין פּרימיטיווע שילדערונגען, פון וועלכע עס איז אויפגעקומען די וואָרט־קונסט, און אין נגינה, פון וועלכע די מוזיק איז אַנשטאַנען.

די אומזיכערסטע פון די דריי (פילאָזאָפיע, רעליגיע און קונסט) איז די פילאָזאָפיע, כאָטש זי איז אורשפּרינגלעך די ערשטע, פ אַ ר רעליגיע און קונסט, וואָרים דער שכל איז מחייב, אַז פריער האָט דער מענטש נאָכ־געטראַכט, איבערגעטראַכט, געקלערט, געזוכט און ענטפער — בקצור, פילאָזאָפירט — איידער ער איז געקומען צו אַ געוויסן סך־הכל, צו אַ באַ־שטימטן אויספיר. אָבער בעת דער רעליגיאָנס־גרינדער, דער אַפּאָסטאָל, דער נביא — אָדער אונטער וועלכן נאָמען דער „שליח פון גאָט" זאָל נישט דערשיינען — האָט אָפּגעשלאָסן די פילאָזאָפישע חקירה, אַוועק־שטעלנדיק גאָט — אָדער עטלעכע געטער — אין צענטער פון דעם באַשאַף, ווי די שעפער און פירער פון דער וועלט; דעם מענטש אינם צענטער פון דער ערד און די ערד אין צענטער פונם אוניווערז; און בעת דער פּרימיטיוו האָט אויף ליים און האָלץ און אויף שטיין גענומען פאַרשטעלן דאָס רעלי־גיעזע וועלט־בילד און מדרגהווייז אַנטוויקלט די רעליגיעזע וועלט־אַנשוי־אונג, — האָט דער פילאָזאָף זיך אָנגעהויבן צו דערווייטערן פונם מענטש, פון דער ערד. און אַזוי האַלט ער זיך אין איין דערווייטערן. געוויס, די פילאָזאָפיע איז אויך געקומען צו טאָטאַלע אויספירן, אויסגעאַרבעטע סיסטעמען, אָבער די טבע פון דער פילאָזאָפיע איז דאָך נישט — און קאָן נישט זיין — דער אָפּשלוס, נאָר די חקירה, דאָס ווייטערדיקע זוכן, דאָס כסדר'דיקע איינוואַרפן און אויפשטעלן סיסטעמען, דאָס אייביקע באַ־שטימען און פאַרלייקענען.

און אַזוי איז די פילאָזאָפיע דורכאויס חקירה, פּלפּול, אומזיכער — אַפילו מיט דער אייגענער עקזיסטענץ, מיט דער עקזיסטענץ פון דער וועלט, מיט דער עקזיסטענץ פונם מענטש. „עקזיסטירט דער בוים אָדער איז ער בלויז אונזער פאַרשטעלונג? עקזיסטירט ראובן אָדער שמעון, אָדער זיי זענען בלויז געשטאַלטן פון מיין אימאַגינאַציע? עקזיסטיר איך אַליין? „איך דענק — אַלזאָ, בין איך דאָ", רופט אויס איין פילאָזאָף (קאַרטעזיוס), איז וואָס איז מיט דעם גאַנצן דרויסן, מיט דער אומוועזנטלעכער וועלט, וואָס דענקט נישט — איז זי נישטאָ?... גרויס אין פאַרנעם, רייך אין אידעען, אין גרויסע געדאַנקען, איז די פילאָזאָפיע דאָך אַבסטראַקט. כסדר שפּעקולאַטיוו, אַפילו אין איר עמפּירישקייט, צו וועלכן זי איז דערגאַנגען; אַפילו בעת זי טוליעט זיך דאָ צו דער רעליגיע און צו דער וויסנשאַפט. קיין פּאָזיטיווס, פעסט־זיכערס האָט זי אונז נאָך נישט געגעבן. וועגן דעם אַלט־גריכישן פילאָזאָף און פיזיקער אַרכימעד ווערט דערציילט, אַז ער האָט איינמאָל אויסגערופן: „גיט מיר אַן אָנלען־פּונקט און איך וועל איבערקערן די וועלט", און מיט טויזנטער יאָרן שפּעטער האָט קאַנט געזאָגט: „גיט מיר מאַטעריע און איך וועל באַשאַפן אַ וועלט"; און דאָס זענען די צוויי וויכטיקסטע מאָמענטן, אַ צענטראַל־פּונקט און מאַטעריע, וואָס פעלן דער פילאָזאָפיע. און אַזוי ווי זיי פעלן איז די פילאָזאָפיע ניט אימשטאַנד צו צושטערן די וועלט און ניט אויפצובויען אַ וועלט. זי קאָן נישט פאַרלייקענען די עקזיסטירנדיקע וועלט און קאָן זי אויך נישט באַשטעטיקן... ווי אַ קאָמעט, נישט צוגעבונדן צו אַ באַשטימט אָרט, צו איין פּונקט, לויפט די פילאָזאָפיע דורך די רוימען פון דער אומענדליכ־קייט, דורך שטערן און פּלאַנעטן און יעדעס מאָל רייסט זיך פון איר אָפּ אַ שטיק, קלעפּט זיך צו (עמפּיריש...) דאָ צו דער מעטאַפיזיק און דאָרט צו דער מאַטעריאַליסטישער וויסנשאַפט.

די פילאָזאָפיע איז די גרעסטע מענטשלעכע טראַגעדיע: בעסער געזאָגט: אין דער פילאָזאָפיע שפּילט זיך אָפּ די גרעסטע טראַגעדיע פונם מענטשן; אין זוכן איז דאָ פרייד, אָבער צום סוף קומט די גרויסע אַנטוישונג, מידקייט — און דער מענטש וויל דאָך אויך *געפינען*, זיך אָפּשטעלן, אָפּרוען. די פילאָזאָפיע איז דער אייביקער פּראָמעטעאוס, וואָס וויל גנב'ענען פייער פון הימל און ווערט באַשטראָפט, ברענגט אויף זיך דעם צאָרן פון די געטער... אין ערגעץ נישט ווי אין דער פילאָזאָפיע געפינט דער מענטש אַזוי אויס זיין באַגרענעצטקייט, די באַשרענקטקייט פון זיין פאַרשטאַנד און די קורצקייט פון זיינע הענט; אין ערגעץ נישט ווי אין דער פילאָזאָפיע האָט דער מענטשלעכער גייסט אַזוי פיל רוים, אַזוי פיל פרייען פלאַץ צו פליען, און אין ערגעץ נישט איז ער אַזוי געצאַמט ווי אין איר. די רעליגיע, זייענדיק באַשיצט דורך אוממיטלבאַרן גלויבן און נס, קאָן אויסנוצן די גאַנצע רייכקייט פון דער מענטשלעכער פאַנטאַזיע; די קונסט קאָן דורך סוגעסטיע און דערלעבניש זיך פאַרגינען די גרעסטע פרייקייט, אויב דער בגד איז נאָר סטיליסטיש צוגעפּאַסט; די פילאָזאָפיע, די פרייסטע לויט איר פאַרנעם, איז אָבער אונטערגעוואָרפן דער לאָגיק. זי קאָן נישט סתם בויען, זי מוז געפינען אַ לאָגישן צוזאַמענהאַנג פון די דערשיינונגען, אַ לאָגישן ענטפער; זי מוז „צושטעלן" אַ לאָגיש וועלט־בילד — דאָס איז דאָך איר אויפגאַבע. און דאָ די טראַגעדיע. טראַגיש איז דער פויגל אין שטייג פון דער פאַרמאַכטער שטוב. נאָך טראַגישער איז דער פויגל אין דער שטייג אין מיטן וואַלד. ער זעט פאַר זיך וואַלד, רוים, פרייקייט, און קאָן נישט פליען. זיינע פליגל שלאָגן זיך אָן די גראַטעס. די פילאָזאָפיע נעמט־דורך דעם וועלטאַל מיט אַלע זיינע וואונדער און אָפּנבאַרונגען. פריי פון רעליגיעזע דאָגמעס, פון אַלערליי „לאַו'ס" און פון קינסטלערישע פאָרמען, איז זי אָבער געצאַמט פון דער לאָגיק; ווי דורך אַ זיפּ מוזן זיך די וואונדער פון דעם זיין און דעם *געשען* דורכגיסן דורך דער לאָגיק אינם כוס פון דערפאַרונג און צונויפשטעלן אַ סיסטעם.

אָבער אויך די לאָגיק איז דאָך נישט קיין פאַרגליווערטער, סטאַטישער אימפּעראַטיוו, נאָר זייענדיק אַ סכום פון דערפאַרונגען, איז זי כסדר פאַרענדערלעך, לויט די נייע דערפאַרונגען; די פילאָזאָפישע שיטות, זינט דעם גריכישן פילאָזאָף טהאַלעס, ביז אַריבער דעם מיטלאַלטער, ביז קאַנט'ן, ביז דעם וויסנשאַפטלעכן רענעסאַנס אין די לעצטע 200 יאָר, זענען אין פיל וויכטיקע טיילן — אָפט באַשטאַנדסטיילן — געוואָרען *אומלאָגיש*, וואָרים זיי שטימען נישט מיט די נייע וויסנשאַפטלעכע אַנטדעקונגען. פון דער קלאַסישער פילאָזאָפיע האָט פאַר אונז אַ ווערט די חקירה, די רייכקייט פונם געדאַנק און די עטישע גרונטלאַגן אין מאַנכע אַלט־פילאָזאָפישע שיטות, ווי די קינישע, סטאָאישע, עפּיקורישע א. א.: זייערע — דאָן לאָגישע — אויספירן און שלוסן זענען געוואָרן אומלאָגיש אינם ליכט פון די נייע וויסנשאַפטלעכע דערגרייכונגען. אויך די פילאָזאָפיע פון די לעצטע יאָרהונדערטער בלייבט הינטערשטעליק אַנטקעגן די האַסטיקע שפּרייזן פון דער וויסנשאַפטלעכער פאָרשונג; אַפילו אַזאַ יונגע פילאָזאָפישע שיטה ווי ניטשע'ס „ווידערקום", אַ שטייגער, ווערט בטל ביי די נייע אַנטדעקונגען אין דער ביאָלאָגיע. די נעאָקאַנטיאַנער ווילן צופּאַסן דאָס קאַנטישע סיסטעם צו דער נייער וויסנשאַפט. די דינאַמישע קראַפט פונם מענטשלעכן ווילן שטויסט די פילאָזאָפיע, וויסנשאַפט און קונסט אויף נייע וועגן, אין נייע רעגיאָנען; נאָר בעת די רעליגיע בלייבט פעסט ביי איר צענטראַל אידעע — גאָט; און בעת די קונסט זוכט נייע

נעשטאַלטונגען און אויפפּאַסונגען פאַר דיזעלביקע קרעאַטיווע כחות, בלייבנדיק אויך ביי איר עיקר, וואָס מאַכט קונסט פאַר קונסט — האָט די פילאָזאָפיע לעת עתה נאָך אַלץ נישט — נישט קיין אַרכימעדן־פונקט און נישט קיין מאַטעריע.

די פילאָזאָפיע איז גראַנדיעז אין איר פרעגן; אומפאַרגלייכבאַרער שוואונג און געוואַגטקייט אין אירע קשיות, נאָר קומט עס צו פאַרענטפערן, פון דעם כאַאָס אויפצושטעלן אַ בילד, ווערט זי הילפלאָז. רוסאָ האָט איראָניזירט איבער די פילאָזאָפן, אַז זייער טבע איז צו פאַרלייקענען דאָס, וואָס עקזיסטירט און ווילן דערקלערן דאָס, וואָס עקזיסטירט נישט... שפינאָזאַ האָט געראַטן: „נישט לאַכן, נישט וויינען, נאָר פאַרשטיין״, אָבער דאָס אומבאַהאָלפענע חקירה׳ן זיך מוז אַמאָל אַרויסרופן אַ געלעכטער אָדער אַ געוויין איבער אונזער הילפלאָזיגקייט, איבער דער טראַגעדיע פונם מענטשלעכן פאַרשטאַנד, וועלכער רייסט זיך אין דער אומענדלעכקייט אַריין און קאָן דאָך אין ערגעץ נישט קומען.

דער פּראַגמאַטיזם, וואָס איז אַנשטאַנען אין אַמעריקע אין די זיבעציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, האָט געזאָלט דינען ווי אַ דאַמבע פאַר דעם שטורמיש־לויפנדיקן גייסט פון דער פילאָזאָפיע: דידאַזיקע שיטה האָט זיך פאַרנומען אָפּצוהאַלטן דעם ווייטערן לויף פון דעם פילאָזאָפישן געדאַנק אין דער אומענדליכקייט, ווייטער און ווייטער אַוועק פונם מענטשן, פון דער גאַנצער — פּראַקטישער — וועלט און אים ברענגען צום מענטשן, אויסנוצן דאָס העכערע דענקען פאַר די אינטערעסן פון דער מענטשהייט; וואָרים אויב דער פילאָזאָפישער געדאַנק קאָן סיי־ווי אין ערגעץ נישט גרייכן און מוז צום סוף צוריקקומען צו דער ערד — טאָ איז דאָך בעסער ער זאָל באַלד נישט פליען אומזיסט און אומנישט; אָבער דאָס איז דאָך אין גרונט גענומען אַ פאַרלייקענונג פון דער פילאָזאָפיע, פון איר סאַמע טבע; אָפּשטעלן זיך, מיינט אויפהערן, אַטראָפירט ווערן.

ס׳איז זיכער: טשאַרלס פּירס, דער גרינדער פון דערהדאָזיקער שיטה, איז געקומען דערצו פון פאַרצווייפלונג, פון פילאָזאָפישער רעזיגנאַציע: „אויב מ׳קאָן נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער״; און אַזוי זעען מיר, אַז בעת פון איין זייט ווערט די פילאָזאָפיע פּראַקטיש, פליט זי פון דער אַנ־אוממיטלבאַרער זייט אַריין אין די ראַיאָנען פון מעטאַפיזיק, פון טעאָזאָפיע, וואו גלויבן ברענגט רו און פרידן פאַר דער נשמה; און אַנדערע פילאָזאָפן ציען זיך מיד צו אינדיע, צו נירוואַנאַ, וואו עס איז אויסטון זיך פון זיך אַליין, פון דעם אייגענעם „איך״. מידקייט קומט. איז די פילאָזאָפיע באַנקראָט, אָדער זי איז ערב אַ נייעם רענעסאַנס? און וואָס קאָן זי אונז ווייטער ברענגען? וועט זי ווען־עס־איז דען יאָ קענען אונז געבן אַ צענטראַל־פונקט, רו פאַר דער נשמה, אַן ענטפער?

איז עס דעריבער דען אַ וואונדער, וואָס אַ וויליאַם דזשענינגס ברייען האָט אַזוי פאַרצווייפלט געקעמפט פאַר דער קאָסמאָלאָגיע פון חומש? דער מענטש וויל סטאַטישקייט, רו, באַרואיגונג. וואָלט מען אים אונטערגעטראָגן אַן אַנדער וועלט־בילד אַנשטאָט דעם ביבלישן, וואָלט ער ביסלעכוויז זיך אַריינגעלעבט אין דעם. אָבער פאַרבייטן אַן איינמאָל־פאַראַלעמאָליקע, שוין־באַשאַפענע, סטאַטישע וועלט אויף כאַאָס, אויף תוהו־ובוהו — דאָס נישט! בלויז יחידי־סגולה קענען זיך דרייען אין כאַאָס. און מען דאַרף גאָרנישט לאַכן פון די פונדאַמענטאַליסטן. אויב לאַכן איז פאַראַן געננוג פון דער פילאָזאָפיע. ס׳איז אַ ווייטיק געלעכטער: דאָס געלעכטער איבער זיך אַליין, איבער דער אייגענער הילפלאָזיקייט.

און די פילאָזאָפיע שלאָפט איין פון מידקייט...

אנגעס קאהן

# פייגע לאה די משוגע'נע

(דערציילונג)

קיינער האָט כמעט ניט באַמערקט, אַז דער מיטלפּונקט פון דעם שטעטל איז געווען דער הויכער, דינער בוים מיט די לענגלאַך דינע בלעטער וואָס פלאַטערן שטענדיק אַרויף צום הימל צו.

די גאַס איז געווען אַן אויסגעבויגענע, אין פאָרם פון אַ סערפּ, און אַז מ'איז נאָר אַפּגעגאַנגען אַ פּאָר טריט, איז מען שוין געווען באַהאַלטן אין איר בויג.

אַז פייגע לאה די משוגע'נע פלעגט אָנקומען, איז צוערשט געלאָפן אַ שטיין, אַלס צייכן, אַז זי קומט.

פייגע לאה איז געווען אַ שיינע, יונגע, פעסט־געבויטע מויד: איר שפּאַן איז געווען פלאַך, פעסט און זיכער. די ערד האָט אונטער איר געציטערט. און כאָטש זי איז נישט געווען קיין זעלטענער גאַסט אויף דער אידישער גאַס, איז דאָך געווען שווער צו דערבליקן זי, פון צווישן די מאַסן יונגוואַרג וואָס האָבן זי אַרומגערינגלט. ס'איז שוין געווען אַ געוויינטלאַכע זאַך, אַז קינדער זאָלן איר נאָכפאָלגן מיט שטיינער און שטעקנס אין די הענט, כאָטש זיי פלעגן ניט שטענדיק באַנוצן דאָס געווער, אָבער ס'איז שוין געווען אזא מנהג. פון דערווייטנס פלעגן זיי זי שטורכן מיט די שטעקנס און שלעפּן פאַר'ן עק פון איר קלייד. זי פלעגט זיך אָבער זעלטן ווען אויסדרייען אַ קוק טאָן הינטער זיך. אויפ'ן אַקסל האָט זי געטראָגן אַ טונקעל ברוינעם טוך וואָס האָט געגרייכט כמעט ביז דער ערד און צוגעגעבן אַ מייעסטעטישן אויסזען איר שלאַנקער פיגור. אירע ליכטיק־ברוינע האָר האָבן איר געגרייכט ביז די אַקסל און דאָרט זיך אָפּגעלייגט ווי שווער פּאַראַסעטע רינגען.

מ'פלעגט זעלטן ווען באַמערקן פון וועלכן געסל זי האָט זיך אַריינגעשניטן אין דער קיילעכדיקער גאַס. שטענדיק פלעגט זי דערציען איר גאַנג ביז אונטער'ן הויכן בוים און דאָרט, אויף דעם באַשטימטן אָרט, אויף די שוואַרצע הילצערנע טרעפּ פון דעם אַלטן הויז, זיך זעצן און קוקן אויף יעדן מיט אירע גרויסע, גרוי־וואַסערדיקע אויגן, און ס'האָט זיך געדוכט אַז זי קוקט אויף יעדן אַזוי מילד, ווי דורך אַ פענסטער־שויב.

זי פלעגט זעלטן צו אימיצן ריידן; נאָר אַז זי האָט זיך געפונען אויף דער גאַס שפּעטלאַך אין דער נאַכט אַריין, האָט זי שוין געהאַט אירע באַשטימטע ערטער וואו זי פלעגט זיך דערבעטן מ'זאָל זי לאָזן איבערנעכטיקן.

דאָרט וואו זי פלעגט נעכטיקן פלעגט זי שטענדיק פאַריגלען טיר און טויער, און נאָך צולייגן ברעטלאַך און אַלעם וואָס ס'איז איר געקומען צו דער האַנט, ווייל זי האָט מורא געהאַט פאַר'ן ווינט, פלעגט זי זאָגן. דעם מינדסטן גערויש פון דרויסן פלעגט זי דערפילן, און אָפּט פלעגט זי פאַרשווינדן אין מיטן דער נאַכט. און אַז מ'האָט זי וועגן דעם געפרעגט, פלעגט זי זאָגן, אַז דער ווינט האָט זי אַרויסגע'גנב'עט, אָבער דעם ווינט האָט זי ליב און אַז ער האָט איר עפּעס צו דערציילן — מוז זי גיין.

פלעגט מען זען ווי גאַנצע טעג קלייבט זי שטיינער אין די פאַלעס פון איר קלייד און וואַרפט זיי אין אַ באַשטימטן אָרט אין וואַסער אַריין. און איר אַרבייט טוט זי פלייסיג, סיי אין די גרעסטע היצן אָדער שלאַקס־

רעגן, ווי זי וואָלט אויף זיך געהאט א שטרענגע אָבער אנגענעמע פליכט אויסצופירן.

און אז פאַרבייגייער פלעגן פון יענער זייט טייך הערן א ווילד גע־לעכטער זיך גיסן אין טייך צוזאמען מיט הורבעס שטיינדלאך, פלעגט מען וויסן פון וועמען דאָס קומט; און אמאָל פלעגט זי קריצן מיט די ציין און זיך ווילד בייזערן אויפ'ן טייך. איר ציל איז געווען צו פאַ־שיטן דעם טייך. זי מוז אים, דעם טייך, שטערן אין זיין שטענדיג גלייכן וועג אַראָפּ־שטראָם, ווייל ער קומט קיינמאָל נישט צוריק. און די גוים מיט די ברייטע לאנגע „פלאקעס" קומען אויך קיינמאָל נישט צוריק, נאָר פאָרן שטענדיק אַראָפּ־שטראָם.

פונקט אויף דעם אָרט וואו זי פלעגט ווארפן די שטיינער איז דער קעסל־גרוב, און דאָרט געפינט זיך דער וואסער־מענטש, וואָס מוז יעדעס יאָר האָבן א מענטשן. און פארוואָס ער נעמט יעדעס יאָר צו מער ווי איין מענטש, ווייסט זי טאַקע נישט. ביינאכט קומט דער וואסער־מענטש אַרויס און שפילט זיך דאָ צווישן די יונגע לוסטיקע בוימלאך. אַמאָל האָט זי דאָ אין וואַלד גענעכטיקט, האָט זיך דער ווינט צוקריגט מיט'ן וואַסער־מענטש דורך איר. ביידע האָבן זי געוואָלט. אָבער זי האָט בעסער אויסגעקליבן דעם ווינט, ווייל זי האָט ניט ליב זיך צו נעצן אין וואַסער, און זי האָט דאָס אים, דעם ווינט, טאַקע געזאָגט. זאָל ער וויסן.

אָפט, וואַנדערנדיק איבער די ליכטיג זוניקע פעלדער און וועלדער, דערפילט זי זיך אזוי פאַראומערט און קען זיך קיין אָרט ניט געפינען, און ווייסט אליין נישט וואָס זי וויל; רייסט זי פאסן פון איר קלייד און פון אלע גראָזן און בוימלאך וואָס שטייען איר אין וועג; שטעלט זי זיך אָפּ פאַרטראַכט, דאַן דערמאָנט זי זיך אז אָט וואָס זי וואָלט געוואָלט: פאַרוואָס ווייסט זי נישט וואו איר מוטער'ס קבר איז? ווען זי וואָלט דאָס נאָר וויסן, וואָלט זי אהין געגאנגען אָפּרוען אירע מידע ביינער און דערציילט דער מוטער אירער וועגן איר פיין און די וואונדן אירע, פון די שטיינער וואָס באַפאַלן זי אין גאַס ווי א האָגל; זאָל די מוטער אירע וויסן ווי די פיס אירע ווייקן זיך אין שטענדיקער נעץ אָדער בראָטן און שטעכן זיך אויף די הייסע שטיינער; איר געליבטער, דער ווינט, ער איז איר געטריי, ער טרייסט דאָך זי און דערציילט איר מעשיות, גלעט און קושט זי, אָבער אמאָל רייסט ער פון איר פאסן פאַר ליבשאַפט; וואָלט זי נאָר געוואוסט וואו איר מוטער'ס קבר איז, וואָלט זי נישט געדאַרפט זיין אליין מיט די שטורמישע דונערן און בליצן, ווען דער ווינט איז אזוי צורייצט.

לייבל דעם וואַלד־שאפער האסט זי ווי דעם טויט. נישט איינמאָל האָט ער זי ביי די האָר ארויסגעשלעפּט פון שטיבל וואָס פון יענער זייט בריק ביי דער מיל. אלע נאכט וואָלט זי וועלן דאָרט זיין. ס'איז דאָרט אזוי לעבעדיק און פריילאך. און אז די ציגיינער מיט די ווייס־בלים־טשענדיקע ציין שפּילן אויף א מאַרש, דוכט זיך אז ס'טאנצט די גאנצע וועלט. די שיקסעס מיט די שקצים דרייען זיך געשווינט, ווי דער ווינט, און ס'וויקלען זיך ארום זיי די רויטע לאנגע סטענגעס מיט די לאנגע צעפּ פון די שיקסעס, ווי די בייטשן, אז מ'זעט זיי קוים ארויס, און זי איז אויך ווי איינע פון די שיקסעס און טאנצט אויך מיט מיט זיי.

אז לייבל שאפער האָט זי ארויפגעוואָרפן אויפ'ן וואָגן, האָבן אלע אידן וואָס זיינען אין וואָגן געזעסן, געציטערט פאַר שרעק. זי ווייסט שוין פון לאנג אז מ'האָט פאַר איר מורא, דערפאַר האָט זי טאַקע פון זיי געלאכט הויך אויפ'ן קויל. ס'איז דאַן געווען אזוי פינסטער אין

דרויסן, די אויסגעשלאָגענע פענסטער פון שטיבל האָבן אויסגעזען ווי שוואַרצע קעלערס.

איינמאָל האָט זי זיך איינגערעדט אַז זי מוז זען ווי ווייט דער טייך ציט זיך און וואוהין ער גייט: ס'מוז זיכער נעמען פיל טעג און נעכט ביז דער פלאָך דערשלאָגט זיך ערגעץ און שטעלט זיך אָפּ; זי מוז זיך אַמאָל אויפזעצן אויף אַ פלאָך און זיך לאָזן אויף'ן פלאַך פון טייך וואָס שנייט דורך ווי אַ מעסער דאָס פעלד און וואַלד. ביינאַכט, ווען די פלאָקעס פאָרן, זעט זיך ווי אַ קליין פייערל קומט פון ווייטען און דער טייך שוועקט זיך טיף אין די ברעגן.

אַז פיינע לעה די משוגע'נע האָט זיך מיטאַמאָל אויף דער גאָס אויפגעהערט צו ווייזן, האָט ווי עפּעס געפעלט. די בלעטער פון הויכן רינעם בוים האָבן עפּעס ווי פרעגענדיק געהוזשעט.

ברוך קאַצענעלסאָן

# ווי אַ זינקענדיקע שיף

ווי אַ זינקענדיקע שיף,
נידער איך אין טיפן שווייגן.

פאַלט אוועק פון מיר דאָס לעבן,
ווי דער ים פון ברעג.

פון מיינע פּיס שפּרייט זיך ליכטיקייט,
פאַרמאַכט די אויגן מיר.

מיינע זעענדיקע הענט
רוען אָפּ אויף סטרונעס ליכט.

ווי ווייסע וואָלקענדלעך צערינען שלייערן —
דערזע איך זיך אליין.

# די לעצטע טעג

די לעצטע טעג פון מיין זיין
לויכטן מיט שווייגענדיקע חכמה —
געסט פון אַ ווייטן לאַנד.

אין די אָרעמס פון מיינע לעצטע טעג
רוט די לאַסט פון מיין לעבן —
אַן אַנגעזויגן קינד.

לויטערקייט אין מיר.
טרערן פאַרלאָזן מיינע אויגן —
שיריים פון לעבן.

פאַרטאָג, מיר צוקאַפּנס,
טריפן מיינע לעצטע טעג —
נשמה־ליכט.

# SELF-RELIANCE*)

(עסיי)

אידיש פון ש. ווייסמאן

נאך דער השגה פונ'ם דורכשניטליכן מענשן, זיינען מדות טובות גיכער אן אויסנאם איידער א געוויינטלאכע זאך. דער מענש איז זיך באזונדער, און זיינע מדות טובות — באזונדער. מענשן טוען אפ אזוי צו זאגן א גוטע זאך, ווי א שטיק העלדענטאט אדער צדקה, כמעט אזוי ווי זיי וואלטן געצאלט קנס פאר ניט ווייזן זיך טעגליך ביי אן עפענטליכן פאראד. אלץ וואס זיי טוען איז א מין פארענטפערן, גערעכטפערטיגן זיך פאר זייער לעבן אויף דער וועלט, אזוי ווי פיזיש און גייסטיג קראנקע מענטשן צאלן גרויס קעסט געלט. זייערע מדות טובות זיינען מעשה תשובה.

איך וויל זיך נישט פארענטפערן, נאר לעבן. מיין לעבן איז זיך א זאך פאר זיך, און ניט לשם ספעקטאקל. כ'קען גיכער באשטיין, אז ס'זאל זיין פון א נידריגערער מדרגה, אבי ס'זאל זיין אויפריכטיג און גאנץ, איידער ס'זאל זיין גלאנצנדיק און אומזיכער. איך וויל אז ס'זאל זיין מונטער און אנגענעם, און ניט דארפן קיין באזונדערע פארזיכט און רפואה.

איך וויל האבן אומבאשטרייטבארע ראיות, אז דו ביסט א מאן, און ב'וועל ניט אנערקענען די טענה, אז מ'זאל אורטיילן דעם מענשן נאך זיינע מעשים. איך ווייס אז אין מיין פאל איז עס גאר קיין נפקא מינה ניט, צי איך טו, צי איך טו ניט יענע מעשים וואס ווערן באטראכט אלס אויסגעצייכנטע. איך קען ניט מסכים זיין צו צאלן פאר א פריווילעגיע דארט, וואו כ'ווייס, אז איך האב א נאטירליך רעכט. ווי ווייניק און שוואך מיינע מעלות זאלן נישט זיין, בין איך זיכער אז איך לעב, און דארף אודאי ניט האבן, ניט צוליב מיין אייגענער זיכערקייט, און אויך ניט צוליב דער זיכערקייט פון מיינע פריינט, קיינע ווייטע ראיות.

נאר דאס וואס איך זאל טאן, איז מיך נוגע, און ניט דאס, וואס מענשן טראכטן זיך. אט דער כלל, וואס איז אזוי שווער אין דעם פאקטישן, ווי אין דעם גייסטיקן לעבן, קען באצייכנען דעם גאנצן אונטערשייד צווישן גרויסקייט און קליינליכקייט. דער כלל איז זייער שווער שוין דערפאר, וואס ס'זיינען אלעמאל דא אזעלכע וואס מיינען, אז זיי ווייסן גיכער פאר דיר וואס דיין פליכט איז. ס'איז לייכט אין געזעלשאפט צו לעבן לויט די פארשריפטן פון דער געזעלשאפט: ס'איז לייכט אין גע-זעלשאפט צו לעבן לויט די אייגענע פארשריפטן. אבער דער גרויסער מענש איז דער, וואס קען אויפהאלטן מיט אן אנגענעמער לייכטקייט אין מיטן פון דער מאסע די זעלבסטשטענדיגקייט פון איינזאמקייט.

דער חסרון פון האלטען זיך ביי טויטע מנהגים, וואס מיינען פאר דיר גארניט איז דאס, וואס ס'צעשלאגט דיינע כוחות, ס'פארשווענדעט דיין צייט, און ס'בלאנקט אפ דער גלאנץ פון דיין וועזן. אויב דו האלסט זיך ביי אן אפגעשטארבענער קירך, ביזט א ביישטייערער פון א טויטער ביבל-געזעלשאפט, נוצסט אויס דיין שטימרעכט מיט א גרויסער פארטיי פאר דער רעגירונג אדער געגן איר, דו דעקסט דיין טיש פאר אלעמען ווי די בעלי־אכסניה, — קען איך ניט פון אונטער די אלע צודעקן, ארויסזען פינקטליך וואס פארא מין מענש דו ביסט. און אודאי ווערט אזוי פיל

---

*) זעה „קאנאדע", נום. 1.

קראַפט אָפּגעצויגן פון דיין אמת לעבּן. טו אָבער דיין אַרבעט און איך וועל דיר בּאַלד דערקענען. טו דיין אַרבעט, און דיינע כוחות וועלן באַנייט ווערן.

אַ מענש מוז דאָך אַרויסזען, אַז דאָס שטרעבּן צוצופּאַסן זיך איז ניט מער ווי אַ מין קינדעריש שפּילן זיך אין „האַצמאַך דער בּלינדער". ווען איך ווייס די סעקטע צו וועלכער דו געהערסט, קען איך שוין פאָראויסזאָגן דיינע אַרגומענטן. כ'הער ווי אַ פּרעדיגער אַנאָנסירט אַז זיין טעמע וועט זיין די נוצליכקייט פון איינער פון די מנהגים פון זיין קירך. ווייס איך דען ניט פון פריער, אַז ס'איז פאַר אים אונמעגליך צו זאָגן אַ ניי און פריש וואָרט? ווייס איך דען ניט, אַז טראָץ זיינע אָנשטעלן צו באַטראַכטן די גרונדן פון דעם מנהג, וועט ער דאָס ניט טאָן? ווייס איך דען ניט אַז דער מענש איז צו זיך זעלבּסט פאַרפליכטעט צו באַטראַכטן די זאַך בּלויז פון איין זייט — די דערלויבּטע זייט, ניט אַלס זעלבּסטשטענדיקער מענטש, נאָר אַלס שטאַטיקער גלח? ער איז אַן אָפיציעלער מליץ יושר, און זיין כלומרשדיגע אומפּאַרטייאישקייט איז בּלויז אַ פּוסטער אָנשטעל.

אַזוי איז עס, מערסטע מענשן האָבּן פאַרבּונדן זייערע אויגן מיט איין טיכל אָדער מיט אַן אַנדערס, און האָבּן זיך אָנגעשלאָסן צו אַ געוויסער אָנגענומענער מיינונג. איבּער אָט דעם צופּאַסן זיך זיינען זיי פאַלש, ניט בּלויז אין אייניגע קליינינקייטן, שאַפער פון בּלויז אייניגע ליגן, נאָר זיי זיינען פאַלש אין אַלע איינצעלהייטן. יעדער אמת זייערער איז ניט אינגאַנצן אמת. זייער צוויי איז ניט בּאמת צוויי, און זייער פיר איז ניט בּאמת פיר. יעדעס וואָרט וואָס זיי זאָגן אַרויס קרענקט אונז, און מיר ווייסן גאָרניט וואו און ווען אָנצוהייבּן זיי צו פאַרבּעסערן. און דערווייל פלייסט זיך די מוטער־נאַטור צו בּאַזאָרגן אונז מיט דעם תפיסה־מונדיר פון דער פּאַרטיי, צו וועלכער מיר געהערן. מיט דער צייט נעמען מיר אַלע אַרויף אויף זיך דעמזעלבּן שניט פון אויסזען אין געשטאַלט, און שטופּנווייז בּאַקומען מיר דעם צאַרטן, אייזליש־אונטערטעניקן אויסזען. ס'איז דאָ דערבּיי הויפּטזעכליך איין אונערטרעגליכער שטריך, וואָס לאָזט אַ טיפן רושם אויך אין דער אַלגעמיינער געשיכטע, איך מיין: דער תמ'עוואַטער אָנשטעל פון התפעלות, דאָס געצוואונגענע שמייכעלע, וואָס מיר שלעפּן אויף זיך אַרויף, ווען מיר זיינען אין אַ געזעלשאַפט, וואו מיר פילן זיך ניט גאָר בּאַקוועם, אַלס ענטפער אויף אַ געשפּרעך וואָס אינטערעסירט אונז ניט. די מוסקולן, וואָס בּאַוועגן זיך ניט ספּאָנטאַן־פריי, נאָר מיט גרויסער, דערנידערנדיקער אָנשטרענגונג, פרעסן זיך צונויף אַרום די געזיכטס־שטריכן, און שאַפן דערבּיי אַ זייער אומאַנגענעם געפיל, אַ געפיל פון פאָרוואורף און פון וואָרנונג, וואָס קיין מוטיקער יונגערמאַן וואָלט ניט געוואָלט דורכלעבּן נאָך אַמאָל.

פאַר ניט־צופּאַסן זיך שמייסט דיך די וועלט מיט איר אומצופרידנקייט. און דעריבּער דאַרף דער מענש זיך אויסלערנען ווי אָפּצושאַצן אַ זויער פּנים. מ'וועט אויף אים קרום קוקן, סיי דער פאַרבּייגייער אין גאַס, און סיי דער נאָענטער אין זיין פריינטס שטוב. אויבּ די פיינטליכקייט וואָלט געשטאַמט פון אמת'ער פאַראַכטונג, אָדער פון גייסטיקער שטאַרקייט ווי זיין אייגענע, וואָלט דער מענש אודאי געמעגט אַהיים גיין אַ טרויעריקער. אָבּער די זויערקייט פון דער מאַסע האָט אַזוי ווייניק אמת'ן גרונד ווי זייער ליבּענסווירדיקייט, ס'האָט אין זיך קיין סימן ניט פון געטליכקייט. ס'ערשיינט און ס'פאַרשווינדט לויט דעם, ווי דאָס ווינטל בּלאָזט, אָדער לויט די אָנווייזונגען פון אַ צייטונג. דאָך איז די

אומצופרידנקייט פון דער מאַסע מורא'דיקער אײדער פונ'ם פּאָליטיקער אָדער פונ'ם געלערנטן. ס'קומט אָן גאַנץ לײכט אַ מענשן מיט אַ שטאַרקן כאַראַקטער, װעלכער קען די װעלט, צו פאַרטראָגן דעם כעס פון די גוט־ערצױגענע קלאַסן. זײער כעס איז אָנשטענדיג און פאַרזיכטיק: זײ זײנען צוריקגעהאַלטן, װײל זײ אַלײן זײנען אױסגעזעצט צו דערזעלבער געפאַר. אָבער װען צו זײער שװאַכן װײבּליכן כעס קומט צו דער גרימצאָרן פון דער מאַסע, װען ס'װערן אױפגערײצט די אָרימע און די אומװיסנדע, װען די רויע ברוטאַלע מאַכט, װאָס ליגט אין גרונד פון דער געזעלשאַפט, ער־װאַכט צו שרײען און צו קװיטשען, מוז מען דאָן אין זיך װירקליך האָבן די מידה פון גרויסמוטיקײט און אַ טיפן רעליגיעזן געפיל, צו באַטראַכטן דאָס אומדערשראָקן, װי אַ קלײניקײט, מיט װעלכן מ'זאָל זיך ניט רעכענען.

די צװײטע סטראַשידלע װאָס שרעקט אונז אָפּ פון זעלבּסט־צוטרויען, איז אונזער שטרעבונג נאָך אױסגעהאַלטנקײט. דאָס איז אַ יראת הכבוד װאָס מיר האָבן פאַר אונזערע נעכטיקע מעשים און װערטער, נאָר דערפאַר װאָס די אַנדערע האָבן ניט קײן אַנדערן מאַסשטאַב, אױסער אונזערע אָפּגעטאָנענע מעשים, אום צו מעסטן אונזער אומפאַנגס־קרײז, און מיר װעלן שטאַרק ניט זײן אַנטױשט.

אָבער, פאַרװאָס זאָלסטו דען טראָגן דעם קאָפּ דײנעם איבּער דײנע אַקסל? פאַרװאָס זאָלסטו זיך אַרומשלעפּן מיט דעם מאָנסטער, מיט דײן זכרון, אױס בּלױזער מורא טאָמער װעסטו װידערשפּרעכן, װאָס דו האָסט אױסגעדריקט אױף אײנעם אָדער אױף אַנ'אַנדערן עפענטלאַכן פּלאַץ? און אַפילו װען דו זאָלסט זיך װידערשפּרעכן, איז װאָס? ס'איז גאָר אַ גאַנץ קלוג געזעץ זיך ניט צו פאַרלאָזן אױף'ן בּלױזן זכרון, אַפילו אין זאַכן, בּײ װעלכע דײן זכרון שפּילט אַנ'אױסשליסליכע ראָליע, נאָר גיכער בּרענגען די פאַרגאַנגענהײט פאַרן געריכט פון דער פיל־אױגיקער געגנ־װאַרט, און אַזױ לעבּן אַלעמאָל אינ'ם נײעם טאָג.

האָבּ צוטרױ צו דײנע געפילן. אין דײנע מעטאַפיזישע לערן האָסטו צוגענומען פון דער גאָטהײט די פּערזענליכקײט, אָבער װען דײן נשמה װערט באַאומרואיקט דורכ'ן גלױבּן, גיבּ זיך אונטער צו איר מיט הארץ און נשמה, אַפילו װען ס'זאָל באַקלײדן גאָט מיט געשטאַלט און קאָליר. לאָז איבּער דײן טעאָריע, אַזױ װי יוסף הצדיק האָט געלאָזט זײן מלבּוש אין די הענט פון דער זונה, און אַנטלױף.

אַ נאַרישע אױסגעהאַלטנקײט איז דער אָפּגאָט פון קלײנע מוחות, און װערט פאַרגעטערט פון קלײנע שטאַטסלײט, פילאָזאָפן און גײסט־ליכע. די גרױסע נשמה װיל גאָרנישט װיסן פון אױסגעהאַלטנקײט, אַזױ װײניק װי פון זײן שאָטן איבּער'ן װאַנט. בּאַנאַריש זשע זיך ניט מיט אָפּהיטן דײנע ליפּן! פאַרנײ זײ שױן גיכער מיט גראָבּע פאָדים! אױבּ דו װילסט זײן אַ מאַן, דונער אַרױס װאָס דו דענקסט הײנט מיט װערטער שטאַרקע װי קאַנאָנען קוגלען, און מאָרגען רעד איבּער װאָס דער מאָרגען זאָגט דיר, מיט שטאַרקע װערטער, כאָטש ס'װעט װידער־שפּרעכן אַלעם װאָס דו האָסט הײנט געזאָגט. אַך, דו װעסט אָבער מיס־פאַרשטאַנען װערן, זאָגן די פאַרלעסליכע דאַמען. מיספאַרשטאַנען װערן! דאָס איז אין דער אמת'ן נאָר אַ װערטל. איז עס טאַקי אַזאַ אומגליק מיס־פאַרשטאַנען צו װערן? פּיטאַגאָר איז מיספאַרשטאַנען געװאָרען, װי אױך סאָקראַט, יעזוס, לוטער, קאָפּערניק, גאַליליאַ, גיאָטאָ און יעדער רײנער און קלוגער גײסט, װאָס האָט װען געלעבּט אױף דער װעלט. גרױס זײן, מײנט מיספאַרשטאַנען װערן.

איך מיין אז קיין מענטש קען ניט פארגוואלטיקן זיין אייגן וועזן. אלע אויסברוכן פון זיין ווילן ווערן דאך הארמאנירט דורך דעם געזעץ פון זיין וועזן, אט אזוי ווי די שפיציגקייטן פון די אנדעס און הימאלאיען בערג זיינען פון קיין ווערט אין דעם בויג פון דעם ערד־קוגל. און ס'מאכט אויך ניט אויס ווי דו זאלסט אים ניט שאצן און פרובירן. א מענטשן־כאראקטער איז ווי אנ'אקראסטיק אדער ווי אנ'אלעקסאנדרינישע סטאנצא: לייען זי פארווערטס, ריקווערטס אדער אין דער ברייט, ס'וועט אלץ ארויסקומען דאס זעלבע. לאמיך מיר פארצייכנען טאג ביי טאג מיינע ערליכע געדאנקען, און וועלכן פאראויסזען אדער צוריקקוקן, און איך צווייפעל ניט אז ס'וועט סוף כל סוף זיין סימעטריש. כאטש איך באצוועק דאס ניט און זע עס ניט פאראויס. זאל מיין בוך שמעקן מיט בעריאזעווע ריחות, און זאל עס אפקלינגען מיט דעם זשומזשען פון די געפליגל. די שוואלב, וואס איז איבער מיין פענסטער, זאל אריינוועבן יענעם פאדים אדער דאס שטרויעלע, וואס זי האט אין איר שנאבל, אויך אין מיין געוועב אריין.

אונזער כאראקטער איז עפעס ווירקזאמער ווי אונזער ווילן. מענטשן מיינען אז זיי זיינען משפיע אויף דער וועלט נאר דורך זייערע עפענטליכע גוטע אדער שלעכטע מעשים, און זיי זעען ניט אז גוטס און שלעכטס שיקן ארויס זייער אטעם אויף דער וועלט יעדן מאמענט.

האב ניט קיין מורא, דו וועסט זיכער זיין אויסגעהאלטן, טראץ דער פארשיידנארטיקייט פון דיינע מעשים, אויב נאר זיי זיינען אלע אויפריכטיק און ערליך אין זייער צייט. ארויסשטראמענדיק פון איין ווילן, וועלן אונזערע מעשים זיין הארמאניש, ווי פארשיידן זיי זאלן ניט אויסזען. די אנדערשקייטן פארשווינדן, ווען נאר זיי ווערן באטראכט פון א גע־וויסער דיסטאנץ, פון א געוויסן שוואונג פון געדאנק. איין טענדענץ פאראייניקט זיי אלעמען.

דער וועג פון דער בעסטער שיף איז א מין זיגזאג ליניע פון הונדערטער אפוועגדונגען. דאס איז ניט מער ווי א מיקראסקאפישע קריטיק. באטראכט די ליניע פון א גענוגענדער דיסטאנץ, און זי וועט באלד שיער ניט גלייך זיין. דיין אויפריכטיקע האנדלונג וועט זיך אליין בארעכטיקן, און וועט בארעכטיקן אויך דיינע אנדערע אויפריכטיקע האנדלונגען. אבער דיין צופאסן זיך בארעכטיקט און ערקלערט גארניט.

טו וואס דו טוסט בשלימות, און וואס דו האסט ביז איצט געטאן בשלימות וועט דיך גערעכטפארטיקן. גרויסקייט ווענדט איהר אויג אלע־מאל צו דער צוקונפט, אויב איך בין איצט גענוג גרויס צו טאן וואס ריכטיק איז און זיך ניט רעכנען מיט קיינעמס מיינונג, איז דאס נאר דערפאר וואס איך האב ביז איצט אזוי פיעל געטאן די ריכטיקע זאך אז ס'קען מיך פארטיידיקן.

וואס ס'זאל ניט זיין, טו איצט די ריכטיקע זאך. זיי מקבל דעם מארית עין, און ס'וועט דיר אלעמאל געלינגען. די מאכט פון א מענטשנס כאראקטער איז א זיך־אנזאמלענדע. אלע פארגאנגענע טעמים זייערע גוטע מעשים גיבן אונז היינט צו געזונט. אין וואס באשטייט דען די מאיעסטעטישקייט פון די פאליטישע און מלחמה־העלדן, וואס פארכאפט אזוי אונזער פאנטאזיע? דער באוואוסטזיין פון א גרויסער צאל פון גרויסע טעג און גרויסע זיגן, וואס זיינען הינטער זיי. דארט שטייען זיי אלע, און באשטראלן דעם זיגרייכן העלד מיט א פילפאכיג ליכט. ער ווערט באגלייט פאר אלעמענס אויגן, פון א זעבארער מחנה פון מלאכים. ס'איז ־דאס וואס ס'פילט אן טשאטהאמ'ס שטימע מיט א דונער כח, וואס בא־

קליידט וואשינגטאנ׳ס אלע מעשים מיט מאיעסטעטישקייט, און וואס באלייכט אדאמ׳ס אויג מיט דעם גאנצן אמעריקאנעם גלאנץ. מיר האלטן טייער דעם אמת׳ן כבוד, ווייל ס׳איז נית קיין פארביילויפנדע זאך. ס׳איז צו יעדער צייט א זאך פון מקדמונים. מיר פארגעטערן עס היינט, ווייל ס׳איז ניט קיין היינטיקע זאך. מיר האבען עס ליב און פארערן עס, ווייל ס׳איז ניט א מיטל געצילט צו כאפן אונזער ליבשאפט און פאר־ערונג, נאר א זעלבסטשטענדיקע, פון זיך זעלבסט אפשטאמענדיקע זאך. דאריבער איז דער אמת׳ער כבוד אנ׳אלטער בעל יחוס, אפילו ווען ער באווייזט זיך ביי א יונגן מאן.

איך האף אז אין אונזערע צייטן וועלן מיר מער ניט הערן וועגן צופאסן זיך און אויסגעהאלטן זיין. זאלען די ווערטער פון היינט אן פארשריען און אפגעשאפט ווערן. אנשטאט דעם גלאק פון דער מיטאג שעה, זאלן מיר בעסער הערן דאס פייפן פון דער ספארטאנער פויק. לאמיר זיך מער ניט נייגן הכנעה׳דיק, און אויך ניט פארענטפערן זיך מער. א וויכטיקער מענטש קומט ביי מיר מיטאג עסן. איך זוך אים ניט געפעלן צו ווערן: איך וויל אז ער זאל זוכן מיר געפעלן צו ווערן. איך וויל האנדלען מענטשלאך, און כאטש איך וויל זיין פריינטלאך, וויל איך אבער אויך זיין אמת׳דיק.

לאמיר זיך אנטקעגן שטעלן און טאדלען די גלאטע מיטלמעסיקייט און די קליינליכע צופרידנקייט פון אונזער צייט, און לאמיר ארויפשלייּ־דערן צום פנים פון די פארשטייער פון דער טראדיציע, פון די סוחרים און פון די אפיציעלע מענטשן דעם פאקט, וועלכער איז דער ברענפונקט פון דער גאנצער געשיכטע, אז אין יערן לעבעדיקן, ווירקנדיקן מענטשן גע־פינט זיך א פאראנטווארטליכער דענקער און העלד, אז אנ׳אמת׳ער מענטש געהערט ניט צו קיין אנדער צייט אדער צו קיין אנדער פלאץ, נאר אז ער איז דער מיטלפונקט פון אלצדינג. דארט וואו ער איז, דארט איז די נאטור. ער באשטימט זיין ווערט און די ווערט פון אלעמען און פון אלצדינג. דו פילסט זיך געצוואונגען אנצונעמען זיין מאסשטאב. גע־וויינטליך דערמאנט אונז יעדערער פון אונזער געזעלשאפט אן עפעס אנדערש, אדער אן אימיצן אנדערש. אבער דער כאראקטער, די ווירק־ליכקייט דערמאנט אונז ניט אן קיין אנדערע זאכן: ס׳פארנעמט דעם פלאץ פון דער גאנצער שאפונג.

דער מענטש מוז באמת זיין אזוי גרויס, אז אלע אומשטענדן ארום אים זאלן ווערן אומוויכטיק, אז אלע נישטיקייטן זאלן פארשאטנט ווערן. אלע גרויסע מענטשן זיינען דאס און טוען דאס. יעדער אמת׳ער מענטש איז א פאראורזאכער, א לאנד און א דור; ער באדארף אונענדליכן רויב צאל אין צייט פאלשטענדיק צו פארווירקליכן זיין געדאנק, — די צוקונפט גייט אין זיינע פוס טריט, ווי מ׳גייט ביי א פראצעסיע. א מענטש צעזאר איז אויף דער וועלט געקומען, און אויף לאנגע, לאנגע דורות שטייט א רוימישע אימפעריע. קריסטוס איז געבוירן געווארן, און מיליאנען הער־צער זיינען אזוי צונויפגעוואקסן און באהעפט געווארן מיט זיין גייסט, אז ער ווערט אינדענטיפיציר׳ט מיט דער נשמה פון גוטסקייט און מיט די העכסטע מעגליכקייטן פונ׳ם מין מענטש. אן אינסטיטוציע איז ניט מער ווי דער אויסגעצויגענער שאטן פון איין מענטשן, אזוי ווי די רע־פארמאציע — פון לוטערן, קוויקעריזם — פון פאקסן, מעטאדיזם — פון וועסלין, נעגער באפרייאונג — פון קלארקסאנען. מילטאן רופט אן סקיפאנען ,,רוימ׳ס העכסטער שטאפל׳׳, און די גאנצע מענטשלאכע גע־שיכטע קען זייער לייכט דערקלערט ווערן אלס די לעבנס־באשרייבונג פון געצייילטע מוטיקע און ערנסטע פערזענליכקייטן.


(ווייטערס אין דריטן נומער)

א. ש. שקאַלניקאָוו.

# לידער

1

פאָלק, דו וועסט מיך אַמאָל פאַרגעסן,
אין דיין גוף וועט מיין נשמה רוען —
ווי א וויינשלאָף וועל איך זיך פאַרלעשן,
אין דיין זאַטקייט, אין דיין גרויען...

פאָלק, אין דיינע אויגן דויערט מיין חלום —
פרייד־טעג און פרייע, פרוכפּערדיקע נעכט —
אויף ווייטע וועגן אויפגעהעלטע אין שלום,
ברייננגט דיך נאָך מיין וואָר אַן עלנדן קנעכט...

פאָלק, א האר וויל איך זיין איבּער דיר!
איך וויל האָרן איבּער דיינע טרויער־טעג! —
יעדן טאָג קומט די וועלט צו מיין טיר,
טוט זיך א נויג, גיט ליכטיק א פרעג:

האר פון דער ערד פון דעם פאָלק פון טרויער־טעג,
וואָס איז דיין גורל, אין שטומקייט דיין וועג? —
די בּרעגן פון דער וועלט, רופן אַלע פיר...
— פאָלק, א האר וויל איך זיין איבּער דיר!

2

פון וואָרט צו וואָרט מיין כח באַגערט,
קלאַנג פון בּלוט, קלאַנג פון בּיין;
בּלוט אין מיינע אָדערן ווערט פאַרמערט.
אין וואָרצל פון מיין הארץ נערט נאָר א בּאַגער —
וואָרט פון בּלוט אין וואָרטיקן שיין,
אין בּויג פון צונג, אין פלינקן געהער.

אינם ניגן פון שטראַליקן שיין
גאָלדיקט די אומרו פון מיין גוף:
שיין צעשפּרייט געזאַנג פון סוף,
סוף, וואָס מערט מיר שטילן פּיין.

איך טראַכט פון זיך ווי בּלוט און בּיין.
כ'פּיל זיך ווי ערד אונטער מיינע פיס;
און פון שטומן צער דער בּיס
קרייזט ווי בּאַלזאַם ארום מיין געוויין.

3

נאָר איך וויין ניט,
שיינקייט גילט ארום מיר —
כ'נעם, וואָס קומט מיר,
כ'נעם עס מיט.

פון מענטש, פון קינד,
פון געשטאַלט די ראָם —
איך פּאַס איין אין צאַם
די געלעבטע זינד.

פון בּילד צו בּילד —
די רויע פאַרבּ איז מיינע,
דער טאָן, די שטריכן פיינע —
פאַר פרעמדע אַ שילד...

ניט פרעמד דעם לעבּן,
ניט פרעמד אויך דעם טויט:
אויפ'ן מעסער פון ברויט
טוט מיין האַלז שוועבּן...

נאָר איך וויין ניט,
ליבּע רינגלט ארום מיר —
כ'גיב אַלץ, וואָס קומט איר
און נעמט עס מיט...

4

וואָס איז די גבורה, וואָס בּאַוועגט מיך?
מיט כּח שטעל איך זיך אויף דער ערד:
פון שטרייטנדיקע יאָרן די משא אויף זיך,
גיי איך אין גאַלאָפּ מיטן רויש פון פערד.

האַסטיק טרייבּן מיך מיינע יונגע טעג:
אַנטקעגן מיר טאַנצט די וועלט אין פלאַמיקן ראָד,
אין בּלענדעניש טאַנצט דאָס לעבּן אויף מיין וועג,
און דער טויט שפּרינגט נאָך מיט גנאָד.

פון דאָג צו דאָג, איבּער גאַס און שטאָט,
קלינגען מיינע פּיס דעם נגון פון צייט —
הונדערט־גאַרנדיקע מויערן איבּער מיין טראָט
ליכטיקן אויף צו די טעג צושטרייט.

וואָס איז די גבורה, וואָס בּאַוועגט מיך?
כ'בּאַוועג זיך ווי קוועקזילבּער אין מיין צעל,
און שווערן געדאַנק נעם איך אויף זיך,
און ליכטיק צוזין און צוזינג מיין זעל.

5

דאָס איז מיין זעל — פון חלום ערשט ארויס —
דאָס בין איך אזוי צייטיג אויף דער ערד.
און דאָס איז מיין קול אזוי הילכיק־גרויס —
דאָס האָט מיין דור אין חלום מיך געהערט
רייטנדיק צו דער וועלט פון מיין מאַמעס שויס.

דאָס איז מיין צייט — פון רו ארויס —
דאָס בין איך אזוי אומרואיק אין די טעג;
און מיין נאָמען טראָגט זיך דורך גאס און הויז —
דאָס האָט מיין דור גענומען זיך אזא וועג,
וואנדערן אין מדבר, וואו עס וועלקט די רויז.

דאָס איז מיין דור — אין קריג אריין —
דאָס בין איך אזוי בלאַנקיק צושטרייט,
מיט ביקס, האַק, לאָם, מעסער און פיין —
דאָס האָט מיין דור פון אורטרויער זיך באפרייט
אינ'ם קלאַנג פון מיין זעל פון אורשיין.

6

אור־שיין גאָלדענער ברענט איבער'ן שטאָט,
אין אַש־שטויב וויקלט זיך דער פלאַם, —
אין שיין פון פלאַם אין מיין טראָט
זינגט דער פרילינג פון דורות מיט טעם
צום יונגן פון זון אויפגעוואכטן גאָט.

אָ, גאָט! מיין פריינט ביסטו!
ביסט מיט מיר אין אומרו, אין טרויער;
פון אלע שטערן שיקסט מיר רו,
ווען ס'באצווינגט מיך א חלום א גרויער.

נאָר איך חלום אין בלוט מיט טאַט,
אין דער געדיכטקייט פון מאַסן ניט גראָד,
אינ'ם פלאַנטער וואָס יאָגט מיך דורך זיי.
און אין שטאָט פון שטיינערנע, שטאָלענע ווענט
פלינקט אויף מיין הארץ — צו יעדנס געווענט,
שפרייט אָטעם פון יום טוב און ריחות פון ווײ.

7

ריחות פון ווי מערט מיר די ערד.
אויף מיינע ליפּן זאַנפּט דער טוי פון ווי.
מיר איז דאָס מזל פון דער ערד באַשערט,
דופּטן דורך מיין לייב מיט בלוט ווי שפּריי,
איבער האַלץ, אייזן, שטיין פון זון גענערט.

אין ריי מיט בוימער, בלומען און גראָזן
קאַליר איך ווי טייך, פעלדער און ווייץ —
מיין לייב ליניעט אין שיין בלוט־ראָזן,
מיינע גלידער וויבערן מיט מאַגישן רייץ,
און אין מיינע אויגן שפּילן ווייסע האָזן.

און אין ריי מיט גאַסן, מויערן, קופּאָלן
קאַליר איך ווי האַלץ, אייזן און שטיין —
מיט מיין לעבן פיל איך אָן אַלע צאָלן,
נאָר מיין טויט הינטער מיר גייט אליין
מיט שווארצע, ליידיקע שאָלן...

8

דער טויט האָט שווארצע, ליידיגע שאָלן
און דאָס לעבן פילט זיי תמיד אָן —
איבער יעדנס קאָפּ פלאַטערט טויטס־פאָן
מיט תכריכים, קברים אין קונסט געמאָלן.

נאָר דעם דור, וואָס איז שוין געבאָרן
ליכטיגן די יאָרן אנטקעגן — רונדע זונען; —
אין מוטערס לייב האָט א מלאך אים גליק געשוואָרן
ביי דעם בלוט, וואָס איז אין פיין גערונען...

עס איז ביי מיר אן איינציק קינד געבאָרן,
איך האָב עס אין אומגליק שוין פאַרלאָרן —
אזא הוילער, וואונדיקער ווי מיר געבליבן...
כ'האָב זיין נאָמען אין ערגעץ ניט פאַרשריבן,
קיין קבר אין פעלד ניט געגראָבן,
קיין מצבה ביי זיין קאָפּ ניט געשטעלט —
אין זיבן שעה איז פאַרגאַנגען זיין וועלט,
און עס טראָגן אים ערגעץ שווארצע ראָבן..

י. י. סיגאַל

# בריוו פון ניו־יאָרק

אידיש ליטעראַרישע סביבה — עפּעס איז דאָ יאָ פאַראַן אַזוינס, נאָר עס הענגט אין דער לופטן, בייט זיך ווי דאָס וועטער יעדע קורצע שעה, און דאָך שוועבט אויף איר שטענדיק די גרויע פאַרב פון מאָנאָטאָניע. אויסערליך, פונאויבנאויף, דוכט זיך אויס אַז עס שטורמט, טומלט און באַוועגט זיך. ריכטונגען קומען אויף, צושפּרייטן אַזעלכע בונטפאַרביקע פליגלען, גלאַנצן אין זייער פייערליכן אָנהויב אַזוי אויג־פאַרבלענדניק; טראַדיציעס ווערן צוריסן און צופליקט. פעדיסטאַלן ווערן אומגעוואָרפן. עס רוישט און רעש׳ט אַז ס׳איז סכנות נפשות. אינאמת׳ן אָבער איז עס אַ מין צייט־אילוזיע, אַ מין מאָדע נישט לשם קונסט און קולטור, נאָר אַ שפּיל אין פאַרביקער קינסטליכער פאַרבלענדניש. די לעצטע עטליכע יאָר איז עפּעס אויפגעטאָן געוואָרן אין אונזער ליטעראַטור. דער אויפטו איז אָבער אַ גאַנץ אַנדערער געווען ווי יענער אָנשטעל וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט׳ן טומל אין גערודער וועגן ריכטונגען און נייע שולן. אונטער׳ן געשריי האָט זיך ווי תמיד און ווי אומעטום, אויסבאַהאַלטן אַ פאַלש פּנים. יענער פּנים׳לאָזער פרעמדער וואָס גנב׳עט זיך אַריין אין דער ליטעראַטור דורך דער הינטערטיר, פאַרשטעלט און פאַרמאַסקירט מיט אַלע מאַסקעס און ליטעראַטור־טעאָריעס, אָנגעפאַרבט און פאַרפומירט מיט אַלע קאָלירן, פאַרבן און פאַרפומען פון „קונסט־חכמה״.

ווי אומעטום, ווי אויף יעדן אַנדערן געביט, אַזוי אויך אין דער מדינה פון קונסט, ווערט געשאַפן אַ זומפּ פון פאַלשער פּאָליטיק. אַ צייט גילט עס, מאַכט עס אַ געוויסן איינדרוק אויף יענע וואָס שטייען שטענדיק פון יענער זייט טיר און פענסטער פון דער ליטעראַטור און טוען ווען ניט ווען אַ קוק אַריין אַהין און זעען קוים די שאָטנס פון דער ליטעראַטור, אָבער קיינמאָל דאָס אמת׳ע וואָס דאָרטן געפינט זיך. אויף יענע זייטיקע האָט עס געמאַכט אַן איינדרוק און ס׳איז קיין חידוש וואָס גראָדע די דאָזיקע האָבן זיך באַלד געכאַפּט פאַר דער פען און אַרויס מיט באַגייסטערטען הורא. אומעטום, אין אַלע צייטונגען און זשורנאַלן, האָט איר באַגעגנט די אַרטיקלען זייערע וועגן דער נייסטער ריכטונג אין אונזער פּאָעזיע. אפילו די פּאַרטיי־זשורנאַלן, וואָס שטייען גאַנץ ווייט פון אַזעלכע ענינים האָבן אויך אָוועקגעשענקט אַ פּאָר לעצטע בלעטלאַך פאַר אַ רעצענזיע אויף אַ דיכטער׳ס אַ בוך, און דערביי האָט יענער בעל־טובה־רעצענזענט זיך אַרויפגעיאָגט מיט די נעגל אויף די שוין „אַלט־געוואָרענע״ „יונגע״ און מיט אַלע כחות זיי שטאַרקער אַראָפּגעשטופּט די קרוין אויפ׳ן „מאָדערנעם״ ביז איבער די אויגן. איך ווייס ניט פון וואַנען זיי שטאַמען די דאָזיקע טובה־טוער. זיי זיינען אָבער דער פרעמדסטער עלעמענט וואָס רייסט זיך אַריין אין די דלת־אמות פון אונזער שאַפן און מאַכען אָן אַ מיסט מיט זייער פּאַפּירענער קריטיק. נישטאָ ביי זיי די טיפע אחריות פאַר דעם וואָס איז געוואָרן טראַדיציע, באָדן און גרונט פאַר ווייטערדיקן עכטן שאַפן, פאַר׳ן אמת׳ן קינסטלער. וואָס אַרט זיי. ביי זיי איז דאָס בלויז שפּיל פון „אַלט״ און „יונג״, „מאָדערן״ און „אוממאָדערן״. זיי האָבן זיך געיאָוועט צו זיין פריינט און פּראָטעזשירער אָן קיינעמס איינלאַדונג. נאַטירליך זיינען זיי אָן אָנשפּאַר פאַר די פּנים׳לאָזע און כח׳לאָזע „טאַלאַנטן״, וואָס האָבן זיך ניט אויף וואָס צו האַלטן אויסער אויף דער טעאָריע „זייערער״... ווען מ׳זאָל בלויז אויף ציקאַוועסט דורכ־

מישן די בלעטער וואו עס זיינען „אפגעזעצט" געווארן דידאזיקע באגייס־
טערטע הימנען, אויף ציקאוועס זיי ניט דורכלייענען, וואלט מען באלד
דערפילט דעם ריח פון צופוילטן שטרוי וואס שלאגט פון זיי ארויס. אין
דידאזיקע פעדערן פון כלומרשטער אנערקענונג האבן זיך געפוצט די
טאלאנטלאזע וואס האבן זיך אריינגעריסן אין דער ליטעראטור. און,
מאדנע, פונקט ווי יענער אויפגעקומענער פארוועניו, וואס מאכט פאר
זיין לעבנס־אינהאלט די אלע אויפגעכאפטע מאניערן, אלע עטיקעט־כללים
און בייגט זיך און נייגט זיך ביז איבל אזוי, אז גראד דורך דידאזיקע
העפליכקייטן סטארטשעט בולט ארויס דער גראביונג, און פונקט ווי דער־
דאזיקער „דזשענטלמאן", אונטער דער ארויפגעכאפטער הויט פון העפליכ־
קייט בלייבט א פארטעמפער און פארגליווערטער „בור". אזוי האט
דער טאלאנטלאזער אונטער דעם אנשטעל פון „ריינער קונסט און עסטע־
טישקייט", פארגעסן די עלעמענטארע רעגלען פון מענשליכער עסטעטיק.
און ס'איז פאר אים געווארן „נאטירליך", „סוביעקטיוו־נויטיק", אין זיין
אייגענעם זשורנאל, אונטער די אייגענע לייִדיקע פערזן, איבערצודרוקן אן
ארטיקל, וואס אן „אייגענער" פון דעם בעל־טובה־קריטיקער, האט אין
אן ענגלישן זשורנאל אפגעדרוקט וועגן אייגענע מענטשן. איז זייער לייכט
דאס צו דערקלערן פסיכאלאגיש. דער גאנצער מהות, דער גאנצער פארנעם
פון דעמדאזיקן מין „פאעטן", וואס קיין שום זאך איז זיי ניט שווער. פאר
קיין שום זאך וועלן זיי זיך ניט אפשטעלן, לעבנדיק אין דער פאלשער
אילוזיע, אז מ'קאן זיך אריינשמוגלען אין דער ליטעראטור. מענטשן אן
א איך, איז אלץ פאר זיי דערגרייכבטר־נאענט. טיף אין זייער אייגענער
שמאלקייט לעבט מסתמא א שטיקל צווייפל. און אפשר — יאוש. די
אומגליקליכע צייט און סביבה אבער, וואו זיי האבן דערפילט באו זיך
א טראפן לופט צו אטעמען אויף א קורצע וויל, פארבלענדט זייערע מחות
און זיי לעבן מיט א מאדנעם אויפגעהויבענעם קאפ, מיט שרייענדיקער
וויכטיקייט. טוען א צונעם די הענט אין דער ברייט און — כבודו מלא
עולם — די גאנצע ליטעראטור איז פול מיט זיי. ליטעראטור האט אבער
אירע אייגענע חשבונות אונטערן טומל און געפילדער, אונטער אלע שריי־
ענדיקע טעאריעס און תורות, וועבט זיך איר אייגנארטיק געוועב. קיין
איין שעטנז פעדימל גנב'עט זיך ניט אריין אין אירע אייגנארטיקע איזארן.
אין צייטן פון ווירבלדיקן איבערגאנג־טומל, שווימען ארויס אויף איר
אויבערפלאך אלערליי אומריייניקייטן און פרעמדע אנגעטראגענע מיסט־
שטיקער. די וואס האבן פאר זייער עובדא געמאכט צו פירן פאליטיק
אין דער ליטעראטור, וואס האבן פלוצלינג דערזען פאר זיך א געלעגנהייט
אריבערשרייען דעם אייגענעם כח און דערהערט ווערן ווייטער מיט א
תחום־שבת פון אייגענעם ווינקל, וואס האבן פארלארן די חשיבות צו זיך
און צום אייגענעם שאפן, אויך א דאנק געוויסע אויסערליכע סיבות, פאר
זיי איז אפשר וויכטיק צו פארוואנדלען דעם „הויף" אין א מארקפלאץ,
און ווייזן ווי לייכט ס'קומט זיי אן צו פארוואנדלען דאס קינסטלערישע
אין זיך אין קונצנמאכעריי. די אבער וואס קאנען זיך באגיין אן דעם,
פילן ניט קיין שום נויטיקייט אין קריג. רייסען זיך ניט אויפן קול. זיי
דערהערט מען סיי ווי, און דארטן וואו זיי דערגרייכן ניט, דארפן זיי ניט
דערגרייכן; אין יענער לופט לעבט אן אנדער מין. ס'איז נאך ניט גאנץ
קלאר די לופט אין אונזער ליטעראַרישער אטמאספער, אבער עס איז שטיל,
שטילער. ס'זענען ניט פארגעקומען קיין רעוואלוציעס, עס זענען בלויז
צוגעקומען א פאר נייע מענטשן, נייע טאלאנטן צו די פריערדיקע. און
די וואס האבן געמיינט, אז זיי וועט געלינגען זיך אריינשמוגלען און בלייבן

אין דער ליטעראַטור זענען געבליבן בײַ זײער אָפּגענאַרטקײט. אַפילו די
וואָס האָבן זײ אונטער זײער פּראָטעקציע גענומען האָבן זיך פֿון זײ אָפּ־
געשאָקלט. איך וועט שוין מער ניט טרעפֿן די אָפּטע אַרטיקלאַך וועגן
א. לעיעלעס פֿון דעם ב. צ. גאָלדבערג אין „טאָג". דער דאָזיקער פֿאַרשוין
האָט זיך פֿאַרגענומען אַ פֿײַן שטיקל אַרבײַט, אַ נישקשה׳דיקע משא אויף
זײַנע פּלײצעס: אַרײַנצושטופּן לעיעלעסן אין סאַמע קדשי־קדשים און
שטײן בײַ דער טיר, מ׳זאָל אים חלילה ניט אַרויס׳גנב׳ענען, מ׳זאָל אים
חלילה ניט אַרויסוואַרפֿן. ער ווײס ניט, דער גרויסער חכם, אַז סײ ער,
סײ לעיעלעס, זענען אַזוינע פֿרעמדע, ווײַטע פֿון דעם צו וואָס זײ שטופּן
זיך. מיר דוכט זיך, אַז בײַ דעם ב. צ. גאָלדבערג האָבן אויך פֿאַרבלאָנ־
דזשעט אַ פּאָר פּעטליכע אַמביציעזע זינדיקע מחשבות אין מח: קריטיק,
און דעם אײנציקן שפּאַלט אויפֿן עדיטאָריעלן זײַט פֿון „טאָג", וואו ער
פּלעגט אַמאָל מבינות׳ן, האָט זיך אין יעדער שורה זײַנער געמערקט אַ
זינדיקע כּוונה. ניט פֿאַרפֿעלט פֿאַרשפּיצן זײַן נאָז און שמעקן און דער־
שמעקן שרעקליכע בשׂמים. און פֿון אָט דעם מין דערשמעקן האָט זיך
דער־הערט דער ריח פֿון זײַנע שרעקליכע אַמביציעס. קײנער האָט אים
ניט געענטפֿערט, ווײַל אין תּוך האָט ער קײנעם ניט באַרירט. פֿאַר קײנעם
ניט עקזיסטירט, פּונקט ווי אַלע, וואָס קוועלן און קוועטשן זיך אין אונזער
קהל׳שאַפֿט, און שטעקן פֿון צײַט צו צײַט אַרײַן דעם נאָז אויך אין דער
ליטעראַטור, און קומען אַרויס מיט טענות און תּרעומות, אַז דאָס געפֿעלט
זײ ניט און יענס פּאַסט זײ ניט; דאָס איז ניט גענוג, דאָס אַנדערע צופֿיל.
אויך איצט לאָזן זיך הערן די אומגעבעטענע „קריטיקער" און חטאים־
זוכער. אין דער „פֿרײַער אַרבעטער שטימע" האָט זיך יעקב מילך אָנגע־
טשעפּעט אָן דער אידישער פּאָעזיע און איז, ווײַזט אויס, גאַנץ בײזלאַך
אויף די אידישע פּאָעטן, וואָס מאַכן פֿון זיך אַ וועזן, וואָס קריטיקער שרײַבן
וועגן זײ און מ׳נעמט זײ וויכטיק. (מ׳שטײנס געזאָגט...) מילא, האָט ער
טענות, וועט ער זיך אַראָפּ׳טענה׳ן פֿון האַרצן און — זאָל אים וואויל זײַן.
ס׳וועט חלילה קײנעם ניט שאַטן, ניט אימיצער פֿילט זיך געטראָפֿן פֿון
זײַנע רײד, ניט מ׳נעמט ערנסט זײַנע טענות, ווײַל סײ דער טאָן, סײ די
כּוונה אונטער די טענות איז פֿון אַ פֿרעמדן, אַ מענטש פֿון אַן אַנדער וועלט,
מיט קאַלטקײט און בײזגעפֿיל צו אונזער ליטעראַטור. אגב, איז די „פֿרײַע
אַרבעטער שטימע" געוואָרן לעצטנס אַ פּלאַץ פֿאַר קוריאָזע ליטעראַרישע
פּלפּולים פֿון כּל־ערלײ ליטעראַרישע דרשנים. אַלץ אין דער וועלט האָט
מען שוין דאָרט אַרײַנגעטײַטשט און אַרײַנגעבײַטשט אין לייוויק׳ס
„גולם", און אַלערלײ האָזיקע רמזים אין די אַבסטראַקטע לידער פֿון אהרן
צײטלין און אַנדערע „דיכטער", וואָס שרײַבן אויף זײַן מאָדנע־מאָדערנעם
„קאָסמישן" שטײגער. האָט דאָרטן, אין דער פּ. אַ. ש. אַ איד מיטן נאָמען
צונזער, אָנגעשריבן אַ סעריע האַרטע אַרטיקלען וועגן דאָס אידײאישע,
קאָסמישע... אין דער אידישער ליטעראַטור „פֿון דער לעצטער צײַט"...
פֿון די מלחמה און נאָך־מלחמה־יאָרן. וואָך נאָך וואָך האָבן זיך געצויגן די
אַרטיקלען, אײנער נאַרישער פֿונם צווײטן, און — דער לעזער, וואָס איז
ערגעץ זיכער דאָ, האָט זיך זײַן נחת דערפֿון. אין זײַן מח וואַקסט אויס
אַ ליטעראַטור מיט פֿעדערן, מיט קאָלירטע סטײנגעס באַהאַנגען ווי אַ
דאָרפֿס־כּלה צו באַדעקנס. דאָס זײַנען אָבער אַלץ זאַכן, וואָס פֿאַרגײען
מיט דער מינוט, אָן האַפֿט און קראַפֿט ווערן זײ געבאָרן און פֿאַרלאָרן.
שטילערהײט. פֿאַר זיך און אין איר אײגענער רײנער אָפּגעזונדערטקײט,
שאַפֿט זיך דאָס אידישע קינסטלערישע וואָרט, אין דער סביבה און ליבע פֿון
יעדן אײנציקן עכטן דיכטער באַזונדער. און נײַע דיכטער זײַנען צוגע־

קומען, וויכטיקע, ערליכע און באַדייטנדיקע. דורך זייער ליד, דורך זייער פרישן וואָרט, פילן מיר דאָס געזונטע פולסירן פון אונזער ליטעראַטור, דאָס אָטעמען פון די וואָרצלען אין דער זאַפטיקער ערד פון איר טראַדיציע. מיר קאָנען קיין סך־הכּלען ניט מאַכן און דאַרפן דאָס איצט ניט טון. קלאָר איז אָבער אז צו די פּאָר עכטע דיכטער אונזערע פון פריערדיקן פּע־ריאָד: מאַני־לייב, לייוויק, לאַנדוי, האַלפּערן, אייזלאַנד, זיינען צוגעקומען נאָך אַ פּאָר נעמען. אויסערליך מערקט זיך נאָר אַ געוויסע דערוויטערט־קייט אָדער אָפּגעזונדערטקייט פון די נייסטע צו די פריערדיקע יונגע, עס וועדט אָבער, אינערליך, געשאַפן אַ דערנענטערונג, אַ דערקענען זיך, אַ היימליכקייט. היימישע מענטשן אונטער איין דאַך...

יולי, 1925.

חיים קרול

# לידער

1

כ׳בין שכור פון דער זון.
די זון האָט מיר דורכגעברענט
ווי אַ פענעצל אויף הייסע קוילן.
ברוין,
ווי רונד פון ברויט
זיינען מיינע הענט.
און ווי הערשן־פעל —
מיין בויך.
כ׳בין שכור פון דער זון.

2

דער גערטנער באַגיסט מיט וואַסער ס׳גרינס
און ס׳גרינס וואַקסט.
און דערנעבן שטייט אַ בוים אַ חרוב׳ער.
זיינע צווייגן גראָען.
איך שטיי נעבן אים.
זיינע טראָפּנס
זאַפּן זיך אין מיינע הענט איין.
און אין מיין בלוט
הויבט אָן שפּראָצן,
לעבן, פאַר׳ן בוים.
לייג איך זיך אנידער אַף דער טרוקענער ערד,
פּרעס מיינע ליפּן צום שטאָם פון בוים
און דער בוים נעמט בליען.

# ה. לייוויק

.1

אז מ׳לייענט לייוויק׳ס טורמע לידער, מוז מען באשליסן, אז לייוויק איז אין טורמע ארייגעפאלן צופעליק און דורך עפעס א מיספאר־שטענדנים.

פארוואס איז ער אריין אין טורמע? פאר מארד? פאר גנבה? פאר רעוואלוציע? דארף מען דאך אין די לידער — און נאך אזוינע סוביעקטיווע לידער ווי לייוויק׳ס — זען לייוויק׳ן מיט זיינע איבערלע־בונגען אויך, און נישט נאר זיינע אנשויאונגען און באציאונגען צו טורמע, צום וועכטער, צו סאלדאטן.

עס זיינען דא ידיעות, אז לייוויק איז אריין אין טורמע צוליב בונט, רעוואלוציע. אין די לידער אבער, איז נישטא קיין רמז פון א לייוויק א רעוואלוציאנער.

זיינען דאס רייד פון א רעוואלוציאנער:

וועכטער גיי און לייג זיך שלאפן,
נעם דיין אויג אראפ פון טיר;
נאכט געגעבן איז אויף רוען
ווי פאר מיר, אזוי פאר דיר.

און ווייטער:

אין א קרייז ארום מיין בעטל
טאנצט ארום א שווארצע מויז,
טאנצט ארום און שפריינט אויס נעצן,
כשוף קרייזן ארום מיר.
בין איך שוין פאר׳כשופ׳ט, וועכטער.

נישט אזוי קריסטלאך רחמנות׳דיק איז די באציאונג פון רעוואלו־ציאנער צום וועכטער און נישט פאר׳כשופ׳ט איז דער רעוואלוציאנער פון דעם מייזל ארום זיין בעט, נאר ער איז פארשפארט אין טורמע פון אונ־טערדריקער, און דער וועכטער איז זיין שטרענגסטער שומר.

די זעלבע באציאונג איז ביי לייוויק׳ן אויך צו די סאלדאטן:

„האלבע נאכט מיר ליגן אויסגעצויגן,
צעגנויפגעפרעסטע אויפ׳ן קאלטען דיל,
סאלדאטן ביי דער טיר מיט האלב פארמאכטע אויגן,
זיי זיינען מיד, ווי מיר און זיינען שטיל.״

און ווייטער:

„סאלדאטן ביי דער טיר מיט צוגעמאכטע אויגן
ווי — פארשלאפענע, ווי מיר — אליין...״

דא זיינען דאך שוין די סאלדאטען אפילו אידעאליזירט. — „סאלדאטן ווי מיר — אליין״.

סאלדאטן אידעאליזירטע, נישט סאלדאטן מענשן־טרייבער. דאכט זיך, אז א מענש וואס אידעאליזירט אזוי די סאלדאטן קומט נישט קיין טורמע.

אין ליד „ביז די ברעם" זאָגט ער:

„פּלוצלונג אויף דעם וועכטער פאַלט אַן אימה,
און ער קען די אימה ניט פאַרטראָגן, —
רייסט ער אויף די טירן פון מיין קאַמער
און ער נעמט מיך אָן אַ זינען שלאָגן."

אַקעגן וועמען זשע קעמפט דאָ אַ רעוואָלוציאָנער, אַקעגן דער אימה פון'ם וועכטער? וואָלט מען געקענט מיינען, אַז די סאָלדאַטן און וועכטער זיינען טאַקע אויך אומשולדיקע, אונטערדריקטע, וועלכע ווערן אויסגענוצט פאַר געצייג פון די „טיראַנען" פון די „הערשער". איז אָבער אויף זייטל 58, וואָס איז פיל פריער פון די לידער „אונטער'ן שלאָס" דאָ אַ ליד, וואָס דערלאָזט נישט די אויסטייטשונג.

„גלאַט אַזוי אַמאָל צונויפגעקליבענע,
איבער גוואלד פון זיך אליין געריבענע,
גייען מענשען, גייען איינגעבויגענע,
שלעפּן זיך מיט קינדער נישט געזויגענע."

אַז מענשן גייען, וואַנדערן, מוטשען זיך מיט קינדער נישט געזויגענע, פון זיך אליין געטריבענע — איז דאָך נישטאָ אַקעגן וועמען צו קעמפן, אַז פון זיך אליין געטריבענע, איז דאָך נוצלאָז צו קעמפן און נאָך ליגן אין טורמע אויך דערצו.

און אַז איינער אַ רעוואָלוציאָנער ליגט שוין יאָ אין טורמע, וועגן וואָס טראַכט ער?

זאָגט לייוויק:

„איינגעשמידטע זיינען מיר.
יעדער אין אַ קאַמער זיצט באַזונדער;
אָנגעשפּאַרטערהייט ביים טיר,
שטייען מיר און וואַרטן אויף אַ וואונדער:
פּלוצלונג איינער שטילערהייט
עפענען וועט אַלע טירן,
וועט צורייסן אונזער קייט,
אונז פון תפיסה ארויספירן.
וועט אונז פירן פאַר'ן האַנט
איבער וועלדער, איבער גרויסע ים'ען.
צו אַ ווייטער, ווייטער לאַנד, —
און אַהיים אונז ברענגען צו דער מאַמען..."

אויב דער רעוואָלוציאָנער אין טורמע איז אַזאַ, וואָס דאָס גרעסטע וואונדער וועט זיין מ'זאָל אים אָננעמען ביים הענטל און פירן צו דער מאמען, האָט ער דאָך ניט געדארפט אוועק פון דער מאַמע. רעוואָלוציאָנערן האָבן געאָפּפערט טאַטעס, מאַמעס, געליבטע און פריינד פאַר זייער אידעאַל. האָבן זיי מסתמא אין טורמע געהאָפט אויף דעם וואונדער: אַז „פּלוצלונג איינער שטילערהייט עפענען וועט אלע טירן, צערייסן די קייטן, אונז פון תפיסה ארויספירן און מיט אונז באפרייען, אלע מענשן."

קען זיין, אַז לייוויק האָט אין טורמע אָנגעהויבן בענקען בלויז נאָך דער מאַמע. אָבער אַז אַלע, וואָס זיצן מיט לייוויק'ן אין תפיסה זאָלן האָבן דעם זעלביקן מאַמע-טרוים, דאָס גלויבט זיך שוין גאָרנישט.

און אָט איז ווידער אַ טרוים: די געליבטע וועט אים פון טורמע אַרויס'גנב'נען צו זיך אין הויז. וואָסזשע וועט ער דאָרטן טאָן?

„איך וועל זיצן און שווייגן, נאָר קוקן אויף דיר,
און קושן דיין קלייד;

וועט עמיץ אַ קלאַפּ טאָן — פּאַרדעק מיר דעם קאָפּ
און זאָג: ער איז טויט.״

„וועל זיצן און שווייגן, נאָר קוקן אויף דיר,״ — האָט ער דאָך שוין געגנוג געשוויגן אין טורמע. וואָס איז דאָ די גדולה פון ארויס׳גנב׳נען?

איז זיין געמיט אפשר אַזוי געבראָכן געוואָרן אין טורמע, אַז ער איז געוואָרן ווי אַ קינד וואָס בענקט נאָך דער מאַמע און ווי איינער, וואָס שוין אפילו פאַר דער געליבטער קיין וואָרט נישט און קען בלויז שווייגן. איז ער דאָך אויף זייטל 27 מיט 12 זייטלאַך פאַר די לידער „הינטער׳ן שלאָס״ דוקא אָנגעשפּאַרט, שטאַרק, אַזוי, אַז מ׳האָט אַזש מורא פאַר אים:

„אַלע האָבן מורא פאַר דעם איינגעשפּאַרטן.״

און דאָך:

„לאָז אַראָפּ דעם פּייער
צייט זיך שלאָפן לייגן;
ליג און חלום, חלום
מיט פאַרמאַכטע אויגן.״

פאַר וועלכע זשע מעשים איז לייוויק אריין אין טורמע? פאַר אַראָפּלאָזן דאָס פּייער און חלומ׳ען מיט פאַרמאַכטע אויגן?

ס׳וואָלט אודאי געווען לעכערלאַך זיך אָנצוטשעפּען אָן לייוויק׳ן אַז זיינע טורמע לידער זאָלן דוקא זיין רעוואָלוציאָנערע, ווען אין זיינע לידער וואָלט די טורמע געווען אַ טעמע. ביי אים זיינען דאָך אָבער די לידער פּערזענלאַכע איבערלעבונגען און אויב פּערזענלאַכע איבערלעבונגען, איז ער דאָך נישט אריינגעפאַלן אין טורמע פונ׳ם הימל. דאַרפן דאָך ביי אים זיין אויך אַזוינע לידער, וואָס זאָלן האָבן עפּעס אַ שייכות צו זיין פּרייערדיקן לעבן, אַזוינע לידער, אין וועלכע מ׳זאָל נישט נאָר זען, אַז לייוויק איז אין טורמע, נאָר מ׳זאָל אויך זען ווי אַזוי ער איז אריין אין טורמע.

עס איז נישט קיין ספק, אַז די לידער: „דער וועכטער״, „אליין״, „ביז די ברעם״, „גייט מען זיך לאַנג״, „איינגעמידט ווערט אויך די האַנט וועלכע שטראָפט״ — זיינען לידער פון אַ העכערער מדרגה ווי ס׳וואָלטן געווען רעוואָלוציאָנערע לידער, קלאַסן־קאַמף לידער. אַ דיכטער קען דאָך אָבער נישט געבן אַ שפּרונג צו אַ הויכער מדרגה פונקט ווי ער קען נישט ארויפשפּרינגען אויף׳ן שפּיץ פון אָלימפּוס. ער מוז ארויפ־קלעטערן. קלעטערן קלעטערט יעדער אויף זיין וועג און איז איינער געווען אַ רעוואָלוציאָנער, האָט ער דורך דעם וועג געמוזט קומען צו זיין באַרג־שפּיץ.

לייוויק׳ס אַנשויאונגען זענען מיר: מענשן גייען פון זיך אליין גע־טריבענע, און דער וועכטער שלאָגט ווייל ס׳פאַלט אויף אים אַן אַ אימה. אָבער וואו איז לייוויק אליין?

ניגער האָט שרייבענדיק וועגן לייוויק׳ס טורמע לידער, אויך דערזען, אַז לייוויק איז צו אַבסטראַקט, איז אָבער ניגער פון דעם גאָר באַגייס־טערט געוואָרן און אויסגערופן: „איצט דאַרף קומען, לויט נוסח, דער פּלוך צו די הענקער, — קומט אָבער נאָר אַן איינפאַכע אומפּאַרטייאישע סטראָף.״

ניגער איז צופרידן פון אומפּאַרטייאישקייט. דאָס איז ביי אים אַ גוואַלדיקע מעלה. אפשר איז דאָס טאַקע אַ מעלה פאַר אַ ריכטער, אָבער נישט פאַר קיין דיכטער.

מען מוז, הער ניגער, גיין נאָכ׳ן מענשלאַכן נוסח, ווי מען מוז גיין אויף דער ערד. אייגענאַרטיק דאַרף בלויז זיין דער וועג און דאָס גיין.

# MENORAH JOURNAL

(רעציענזיע)

דער אינפעריאָריטעטס־קאָמפּלעקס, וואָס אויף אים ליידן אמ־שטאַרסטן די, וואָס ווילן זיך אַסימילירן און קאָנען ניט, שפּיגלט זיך אין ערגעץ ניט אָפּ אַזוי בולט ווי אין די אידיש־ענגלישע צייטשריפטן, וואָס דערשיינען אין אַמעריקע.

לייענענדיק מאַנכע פון אָט די זשורנאַלן פילט איר, אַז די מענטשן, וואָס גרופּירן זיך אַרום זיי טראָגן זיך אַרום מיט אַן צושראָקענעם געמיטס־צושטאַנד — אַ צושטאַנד, וואָס מאַכט זיי אַבסאָלוט אומפעיאיק פאַר דער מינדסטער אָביעקטיוויטעט. זיי באַציען זיך סוביעקטיוו צו אַלץ און צו אַלעמען און די אַפּאָלאָגעטישקייט זייערע דערציילט פון דעם שרעקלאַכן האַרב אויף זייערע גייסטיקע פּלייצעס — דער האַרב פון זיין אַ איד.

זינגען זיי זייערע סערענאַדעס פון אַסימילאַציע פאַר אַ פאַרמאַכטער גויאישער פענסטער, און זינגענדיק פאַרגעסן זיי, אַז זייער ראָל איז אַ „ריטערליכע" און פאַלן גאַנץ אומבאַוואוסטזיניק אַריין אין דעם באַוואוסטן אידישן פאָלקס־טאָן: „און אפשר ווילסטו וויסן מיין יחוס?..."

און אָט דאָ קומט ערשט די אמת'ע סערענאַדע — אַ סערענאַדע צו זיך אַליין. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער יחוס איז זייער אַ גרויסער און אַן אַלטער: ער הויבט זיך אָן אָזש פון די אבות — אייברעהעם, אייזעק און דזשייקאָב — און ציט זיך אַוועק ביז מר. קאָהען'ס גרויסן איינקויף פון ליבערטי־באָנדס, אין דער צייט, ווען אַמעריקע איז געגאַנגען מאַכן די וועלט זיכער פאַר דעמאָקראַטיע.

און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אַ גאַנצע „זכות אבות" מאמר'יסטיק, פול מיט אַפּאָלאָגעטישער סטראַטעגיק. „מען רעט צו דער טאָכטער און מען מיינט די שנור". ס'איז אַ מין מאָדערנער לשון „סגי נהור", אויף וועלכן די ראַביים אין די טעמפּלען זענען באַזונדערס גרויסע ספּעציאַליסטן. זיי ריידן מכלומרשט צו זייערע „צאן קדשים" און מיינען גאָר דעם רע־פּאָרטער פון דער ענגלישער צייטונג, וואָס האָט „גאַנץ צופעליק" (לאָז ניט דורך די גענזנפיסלעך!) פאַרבלאָנדזשעט אין טעמפּל אַריין.

אויך דאָס איז — a part of the game

טאָ וואונדערט זיך ניט, וואָס אין די אידיש־ענגלישע צייטשריפטן איז דער איד מיט יעדן ערהאַבענעם ענין ווי אַ סיאַמעזער צווילינג: „רעליגיע און דער איד", „מוזיק און דער איד", „בייז־באָל און דער איד", „פילאָ־זאָפיע און דער איד", „פּאַטריאָטיזם און דער איד" א. אז. וו.

און אַלץ מיט איין צוועק — זיך צו מאַכן וואוילגעפעלן אין די אויגן פון דער „כלה", וואָס לאָזט זיך ניט נעמען און הערט ניט אויף דרייען מיט דער גויאישער נאָז!

אָבער אויך דאָ זענען פאַראַן אויסנאַמען. די לעצטע צייטן האָט אַ טייל פון דער אַמעריקאַניזירטער אידישער אינטעליגענץ דערפילט די פּוסטקייט און קאָמישקייט פון זיין אַ שטענדיקער סערענאַדיסט צו אַ לעדיקן באַלקאָן. קאָן מען שוין די לעצטע צייטן מערקן אידיש־ענגלישע צייטשריפטן, וואָס פאַרטרעטן אַ געזונטן אידיש־מענטשלאַכן שטאַנדפּונקט. זיי זענען נאָך קליין אין צאָל און האָבן נאָך ניט אינגאַנצן אָפּגעבראָכן מיטן גייסט פון פאַרוועניו, אָבער זיי זענען שוין אויף אַ גאַנץ נייעם וועג — אויפן וועג צו אָביעקטיוויטעט, וואָס מוז פירן צו שאַפונג און פאַרטיפונג.

איינער פון די בעסטע און רייכסטע אידיש־ענגלישע זשורנאַלן אין אַמעריקע איז דער צוויי־מאָנאַטליכער MENORAH JOURNAL

ארויסגעגעבן פון דער „מנורה"־געזעלשאפט. עס איז דער זשורנאל פון דער שטודירנדער אידישער אינטעליגענץ אין אמעריקע.

איך וויל מיך דא אפשטעלן אויף די לעצטע דריי נומערן פון דעם זשורנאל (אפריל, יוני, סעפטעמבער), אין וועלכע עס געפינט זיך א היבשע צאל פיין־געשריבענע ארטיקלען און עסייען איבער פארשיידענע אידישע ענינים.

זייער אינטערעסאנט זענען די צוויי ארטיקלען פון ר. ט. הערפארד (געוועזענער יוניטארישער גלח און פלייסיקער שטודענט פון תלמוד) איבער „דעם אמת וועגן די פרושים" (אפריל־נומער) און "פרושימ'טום און קריסטענטום" (יוני־נומער). אינטערעסאנט זענען די ארטיקלען ניט צוליב די קאמפלימענטן, וואס עס ווערן דארטן צוגעווארפן צום „פרושימ'טום", וועלכער איז ביי הערפארד'ן א סינאנים פון „אידנטום", נאר צוליב א גאנץ אנדער טעם. עס ווערט דארטן געמאכט אן ערנסטער פארזוך אומצואווארפן די וויט־פארשפרייטע טעאריע אין צוזאמענהאנג מיט דער אנטשטייאונג פון קריסטנטום — א טעאריע, וואס איז דורך ערנעסט רענאן געשטעמפלט געווארן מיטן שטעמפל פון „אביעקטיווער פארשונג" עד סוף כל הדורות... עס איז די טעאריע, אז דאס קריסטנטום איז געווען א פראטעסט אנטקעגן א סיסטעם פון „ארגאניזירטער היפאקריטסטווא", באטריבן און אויפגעהאלטן פון די פרושים און די סופרים. ווער עס האט געלייענט רענאנ'ס „דאס לעבן פון יעזוס'ן" ווייס ווי די פרושים ווערן דארטן אוועקגעשטעלט און האט מסתמא זיך אויך אנגעשטויסן אן די גוואלדיקע ווידערשפרוכן, וואס האבן אפילו מיט אזא וואונדער־שיינער פראזע ווי רענאנ'ס ניט געקאנט פארדעקט ווערן. עך, ווי דארטן ווערט גע'כשר'ט אלץ, וואס האט צו טון מיט די אידישע שונאים פון יענער צייט! אפילו דער רוימישער פראקוראטאר פילאטוס ווערט געשילדערט מיט די סימפאטישסטע פארבן. חסרונות ווערן מעלות, ווען עס רעט זיך וועגן דעם גרינדער פון קריסטענטום, בעת אין דער זעלביקער צייט ווערן מעלות חסרונות ווען עס קומט צו די באקמפער זיינע.

אט אנטקעגן דעמדאזיקן טיף־איינגעווארצלטן פאראורטייל טרעט הערפארד שארף ארויס און ער טוט דאס מיט א סך קענטשאפט און אויפריכטיקייט. (דער פאקט, וואס די ארטיקלען האבן געמוזט געדרוקט ווערן אין א שריפט, וואס ווערט ארויסגעגעבן פון אידן ווייזט, אז די בעסערע ניט־אידישע זשורנאלן זענען נאך ניט גרייט פאר אזא דיסקוסיע).

אנדערע אינטערעסאנטע „זאכן" אין דעם יוני־נומער פון דעם זשורנאל זענען: סילוויא קאפאלד'ס ארטיקל איבער סעמיועל גאמפערס, דוד פינסקי'ס א דערציילונג, „זלמן דער קאנטראקטאר", מארווין לעווענטאל'ס „בריף פון אויסלאנד" און א דעבאטע איבער ביאליק'ן צווישן דעם יונגן אידיש־אמעריקאנישן דיכטער, דזשיימס אפענהיים און ראובן בריינין.

אפענהיים זעט ניט אין ביאליק'ן קיין גרויסן דיכטער. ער האלט, אז זיין דיכטונג איז ניט מער ווי א „לאקאלע שטים", וואס קאן ניט אפקלינגען אין דער וועלט. ראובן בריינין איז מיט דער מיינונג, אז מען קאן ניט אפשאצן דעם ווערט פון א ביאליק, סיידן מען לייענט אים אין העברעאיש, און אפענהיים איז מודה, אז ער קאן ניט קיין העברעאיש און אז די איבערזעצונג, אין וועלכער ער האט געלייענט ביאליק'ס שירים איז א שלעכטע. ער טענה'ט אבער: „איך קאן ניט קיין גריכיש, דאך ווייס איך פון אייראפידעס און האמער". ער האט זיי געלייענט אין ענגלישער איבערזעצונג. קורץ, אפענהיים איז מיט דער מיינונג, אז אפילו די ערג־

סטע איבערזעצונג קאָן ניט אינגאנצן אָפּטויטן דאָס, וואָס איז באמת גרויס אין א ווערק און ברענגט דערביי א ביישפּיל פון „פּראָמעטעאָוס געבונדן" )וואָס ער שרייבט על פּי טעות צו צו סאָפאָקלעס'ן אנשטאט צו עסקילוס'ן). ער האָט דאָס קלאַסישע ווערק געלייענט אין א שלעכטער ענגלישער איבער־זעצונג און האָט דאָס דערקאָנט, אז ס'איז א גרויס ווערק.

אינטערעסאנט איז, אז צום שלום קומט ראובן ברייני[ן] זיך כמעט צוזאמען מיט אָפּענהיימ'ען, אז ביאַליק איז ניט קיין וועלט־דיכטער, ווי מאנכע ווילן האָבן.

אין סעפּטעמבער נומער פון דעם זשורנאַל געפינען מיר אן אינטע־רעסאנטן עסיי איבער שפּינאָזא פון פּראָפעסאָר מאָרים קאָהען; אן ארטיקל פול מיט ספקות איבער דעם „העברעאישען רענעסאַנס" פון מאַרווין לעווענטאַל. גרשון אגראָנסקי גיט דאָרטן אן איבערבליק איבער „סעמיועל'ס אדמיניסטראַציע, וואָס האָט אן אינפאָרמאַטיוון ווערט.

י. ראַבינאָוויטש

# וועגן מינקאָוון

מינקאָוו, איז איינער פון די דיכטער, וואָס האָט אָנגעהויבן זיין וועג אין דער אידישער פּאָעזיע מיט דעם דערשיינען פונם זשורנאַל „אין זיך". דעם רויען ג'עשריי, די האַמענטקייט, וואָס דער „אינזיכיזם"" האָט דאַן מיט זיך געבראַכט איז דורך עטלאַכע יאָר פון אַנטוויקלונג איינגעשטילט געוואָרן אין מינקאָוו'ן. עס בלענט אים שוין ניט אַזוי דער אייגענער אימפּעט צו אַנדערשקייט, ווייל ער איז זיך אליין קלאָרער געוואָרן און ווייסט, אַז מיט יעדן אמת'ן דיכטער'ס קומען, קומט אויך עפּעס אַנדערש... אין לויטערע הויטן זעען מיר אים אַצינד זיך וויקלען; און בולטערע קאָלירן מאָלט ער. און אַן אַנדער וואָרט, אַ פּשוט'ן, אַ באַטראַכטן רעט ער. אַנטוויקלונג און געדולד האָט אים געבראַכט רייפע פרוכט אין זיין ערשטן בוך מיט נייע און גאַנצערע לידער, ארויסגעגעבן פון פאַרלאַג „אין זיך", ניו יאָרק, 1924.

מינקאָוו איז דורכאויס אינזיכיסטיש געשטימט און מאָדעלירט זיין „איך" אויף אן אַנדער וועג; רייסט זיך צו נייע פאָרמען און נייעם סטיל אין שרייבן; באַפעסטיקט אן אייגנאַרטיקן טאָן אין די עכטערע לידער „אליין בין איך" (סאָנעטן קראַנץ) און „צו דער וואָס נענט" (ווילאַנעלן). זיין טאַלאַנט נעמט אונז ווי אַ גאַרטל ארום און עס ווילט זיך זאָגן צום דיכטער: פעסטער, קאָלעגע, שטאַרקער פאַרצי דעם וואונדער־גאַרטל ארום זיך און ארום אונז מיט דיינע יונגע, נייע כחות!

...אָט זיינען מיינע הענט
און אָט בין איך אַליין.
פאַר אַלע זינד,
פאַר אַלץ —
אָט זיינען מיינע הענט.
אין מיינע שאַרפע פּלייצעס
טראָג איך אַלע זינד פון מיינ'ע זיידעס.
אין מיין ביינעדיקער ברוסט
האָב איך פאַרקניפּט
די זינד פון די קומענדיקע דורות.
מיינע בלוטן האָב איך ארויסגעבייטשט אין מיינע הענט.
אָט זיינען זיי.
אָט האָב איך געעפענט זיי פאַר דיר
און צאָל פאַר זיך,
און צאָל פאַר דיר,
און צאָל פאַר אַלעמ'ען,
און צאָל — — —
און צאָל — — —

מיר גלויבן די הענט וואָס האָבן זיך אַזוי ברייט געעפנט, אַזוי ווייט אויסגע־שטרעקט און ווילן צאָלן, אַזוי פיל צאָלן — שוין אַביסל צופיל; אָבער דאָס

שטאַמט פון דיִם דיכטערס זיכערן טראַט פון זיין גרויסן באַגאַזש וואָס ער ברענגט מיט זיך. די פאָרמען קריסטאַליזירן זיך ביי אים, ווערן קלאָרער, אַנטפּלעקן אונז אַ געשטאַלט וואָס קומט ווי די זון אַלץ נענטער מיט אונז.

זאָל מינקאָוו זיין איינציק. צום קלאַס וואָס ער געהערט ווילן מיר גאָר ניט צושרייבן. די שולע איז אונז ניט וויכטיק. די שולע וועט די אלטקייט אויפעסן און זי וועט צופאַלן ווערן. נאָר דער שטאָם אירער איז וויכטיק, און מינקאָוו איז אונזערער אליין.

**א. ש. שקאָלניקאָוו**

# רעזאָנאַנסן

## פאַרוואָס „קאַנאַדע"

צוליב חשם, וואָס דער דאָזיגער זשורנאַל טראָגט דעם נאָמען פון דעם לאַנד, אין וועלכן מיר וואוינען, זענען מיר ניט — ווי מאַנכע קריטיקער ווילן — מחויב „צו זינגען און זאָגן" נאָר פון אונזער לאַנד... קאַנאַדע איז אונז זייער ליב; אונז געפעלט איר רויקייט, איר פאַרביקייט און יונגקייט, און טאַקע דערפאַר האָבן מיר אַדאָפּטירט איר נאָמען, אָבער ביים אויספילן חשם זשורנאַל קאָנען מיר זיך ערלויבן צו געבן נאָר דאָס, וואָס גאָט גיט און ניט וואָס אימעצנ'ס וואונטש איז...

אונזער אויפגאַב איז ניט אזוי פיל מקפיד צו זיין אויף דעם „וואָס" ווי אויף דעם „ווי". סתם אינפאָרמאַציע וועגן קאַנאַדע אָדער קאַנאַדער ייִדן געפינט מען אין אונזער קאַנאַדער אידישער פרעסע, מיט וועלכער מיר זענען ניט געקומען קאָנקורירן. אונזער זשורנאַל איז א בימה פאַר דעם פיינערן אידישן וואָרט און עס אַרט אונז ניט, צי דאָס פיין־געשריבענע וואָרט איז וועגן קאַנאָדע אָדער בראַזיליע. אדרבא, זאָלן די, וואָס האָבן עפּעס פיינס צו זאָגן וועגן דעם לעבן אין קאַנאַדע טאַקע ווייזן, וואָס זיי קאָנען, און זיי וועלן ביי אונז געפינען פלאַץ. עס איז אונזער וואונטש מיט דער צייט צו מאַכן, דעם זשורנאַל אַזוי צוגעבונדן צום לעבעדיקן לעבן ווי נאָר מעגלאַך.

„קאָנאַדע" האָט אָבער קיין פלאַץ ניט פאַר סתם לאָקאַליזמען, ווייל ניט אויף דעם איז דער זשורנאַל געשאַפן געוואָרן.

י. ר.

* * *

אין אן אַרטיקל „אידישע זשורנאַלן" אין „קענעדער אדלער" האָט קאָלעגע י. ראַבינאָוויטש זיך אַביסל אַראָפּגעררעדט פון האַרצן וועגן דעם צושטאַנד פון אונזערע פאַרשידענע זשורנאַלן. ער באַדויערט די צוריסנקייט, דאָס אָפּטיילן זיך אין באַזונדערע ווינקלען, דאָס מאַכן שבת פאַר זיך אין אַלערליי גרופּירונגען. אין אַ געוויסן זין איז ער גערעכט. אין תוך איז ער אָבער ניט גערעכט. ווייל אַלע זשורנאַלן, וואָס ער האָט אויסגערעכנט זיינען ריין ליטעראַרישע. געשאַפן בלויז פאַר שיין־ליטעראַטור: פּאָעזיע, בעלעטריסטיק און קינסטלערישע קריטיק. אין די פאָר עכטערע פון די דאָזיקע זשורנאַלן פילט זיך טאַקע אן אויגנ־אַרטיקער טאָן, אן ערנסטקייט און באַשטימטע ליניעס פון אַ קינסטלערישער אָדער אידייאישער ריכטונג. און ס'איז דערפאַר איבעריק האָבן טענות צו זיי. ביי מיר וואָלט אפשר קאָלעגע ראַבינאָוויטש גע'פועל'ט פאַר אַ געוויסער קולטורעלער אויסברייטערונג אין ליטעראַרישען זשורנאַל, בלויז צוליב לעזערישע מאָטיוון (וועלכע ער גיט אָן), אָבער פאַר זיך און אין זיך אליין ליידט ניט דער ליטעראַרישער זשורנאַל צוליב זיין וויכטיקער קהל'שן כאַראַקטער, ערציואונג־פראַגן א. א.) פאַר דער קהל'ש־קולטורעלער אַרבעט דאַרף געשאַפן ווערן אן אייגענע טריבונע. די צייטונגען אונזערע טוען אביסלל אויף דעם געביט, זייער וויכטיק און מעגען אַ סך מער טון. אפשר דאַרפן דידאָזיקע פאָלקס־נויטן ארויסרופן

איגעלע כחות פון איניציאטיוו, אפשר וואַקסן זיי, רופן אויף אַזעלכע כחות. מיט די אידישע דיכטער און קינסטלער האָט עס ניט קיין ענג־דירעקטן שייכות. ס'איז אַן ענין פאַר זיך און איך וויל איצט וועגן דעם ניט ריידן. אונזער גוטער וואונטש קאָן נאָר זיין, אַז דער ליטעראַרישער זשורנאַל אונזערער זאָל אין זיין אייגענעם גרעניץ ווערן אַ פולער און פּאָזיטיווער ווערט. זאָלן די געצילטע זייטן פונ'ם זשורנאַל אויסגעפילט ווערן מיט קינסטלערישע זאַכן. צו וואָס זיך מישן אויף אַלע שמחות און נאָכגעין נאָך אַלע לויב'ס? און צו וואָס אויף זיך אליין ארויפצווינגען אַלע תרי"ג מצוות פון קולטורעלן שלחן ערוך? איך ווייס ניט צי אימיצער פאַרלאַנגט עס גאָר פון אונז.

---

רעדנדיק וועגן זשורנאַלן: כ'בין ניט זיכער צי מיר האָבן היינט־צו־טאָג אַ ליטעראַרישן זשורנאַל, וואָס זאָל מיט רעכט פאַרדינען דעם נאָמען. אויסזעצן אַנטקעגן דעם „אינזל" למאי ער איז „צו פּאָלעמיש" איז ניט גערעכט. דער „אינזל" פאַרטרעט אַ געוויסע ריכטונג אין אונזער ליטעראַטור. די וואָס שרייבן אין „אינזל" זיינען א גרופּע דיכטער מיט אַן אייגנהייטליכן און באַשטימטן קוק אויף קונסט. זייער געגנערשאַפט צו אַנדערע ריכטונגען און נסתאות קומט פון עכטע און ערליכע ריין־קינסטלערישע מאָטיוון. און איבערהויפּט ווען די הויפּט־טענות זייערע זיינען גערעכטע, אמת'ע. אמת, אויך קינסטלערישע פּאָ־פּאַל פון „אינזל" איז די פּאָלעמישע זייט זיינע אפשר די אינטערעסאַנטסטע דערוווייל. די איינציקע פרישקייט, וואָס דער זשורנאַל ברענגט מיט זיך. די זאַכן, וואָס זיינען אין די ביז איצט־ערשינענע נומערן געווען געדרוקט, וואָלטן אומעטום געקאָנט געדרוקט זיין. און אַ פּאָר פון זיי כאַראַקטעריסטיש פּונקט פאַרן פאַרקערטן, וואָס זיי פאָדערן פון ריינע קינסטלערישע ווערק.

י. י. ס.

## „די פּעדער"

זעקס יאָר „פּעדער". וואו ליגט דאָ דער כח, דער ווילן, די ליבע צום זשור־נאַל? און ווען קומט צו לויבן און ערן פאַר זיין לאַנג איינגע'עקשנ'ט לעבן? עס איז דאָך בא אונז אַזאַ זעלטנקייט, אַז אַ אידיש־מאָדערנער קונסט־זשורנאַל זאָל דאָ אויפן טרוקענעם אַמעריקאַנער באָדן אַזוי לאַנג ציען זיין לעבן; און דאָך האָט די „פּעדער" באַוויזן צו עקזיסטירן זעקס יאָר.

דורך די זעקס יאָר, וואָס די „פּעדער" דערשיינט, האָט זי באַוויזן אויפצו־טאָן אַ סך גוטע זאַכן פאַר דער אידישער ליטעראַטור. פילע נייע דיכטער האָבן דאָרטן געקראָגן זייער אויסדרוק. די פּאָעזיע באַקומט אין איר דעם ברייטסטן אָרט. נאַטירליך, ניט אַלץ, וואָס איז אין איר געדרוקט געוואָרן איז געווען לויטער קונסט. ווייסט מען דאָך היינט פון איניקע גאַנץ באַשטימטע דיכטער, וואָס האָבן זייער אָנהייב געהאַט אין דער „פּעדער"; און אַ סך צוזאָגנדיקע דיכ־טער האַלטן זיך נאָך אין אַנטוויקלען. און לויבן קומט די, וואָס האָבן מוט און אויסדויער, און באַלעבן דעם זשורנאַל. נאָר איין זאַך פאָרדריסט: וואָס די „פּעדער" ווערט ניט פולער אין פאָרמאַט און אינהאַלטס־רייכער, טיפער, גע־קליבענער. געוויינטליך דאַרף די „פּעדער" זיין די היים פון נייע טאַלאַנטן, וואָס זוכן אַ ברעג טיש, וואו אָפּצובענטשן מיט אַ מזומן.

ווינפער, דער צווייטער רעדאַקטאָר פון דער „פּעדער" האָט אונז געוויזן זיין אידעאַליזם, ליבע און ברייטהאַרציקייט צו דער אידישער ליטעראַטור. זיין אַ רעדאַקטאָר — מיינט זיין אַ וועכטער פון ווערטן!

א. ס. ש.

## „זונלאַנד"

מאָנאַטשריפט, רעדאַקטירט פון י. ל. מאַלאַמוט, לאָס אַנדזשעלעס, קאַל.

„זונלאַנד" האָט שוין דערלעבט דעם זעקסטן נומער. דאָס ווייזט אַן ערנסטע אָנשטרענגונג, וואָס איז באמת לויבנסווערט.

אָבער „זונלאַנד״ האָט נאָך ניט באַוויזן צו קריגן אַן אייגנאַרטיקן פּנים. די ביז איצטיקע פינף נומערן (דעם זעקסטן האָב איך נאָך ניט געזען) ווייזן אַ געמיש פון לייכטן צייטונגס־שטאָף מיט מער ערנסטע זאַכן.

עס דרוקען זיך דאָרט אַזעלכע דיכטער ווי ארטור עסעלין, משה אייזענשטאַדט, שלמה י. בעלסקי, ברכה קודלי און אַנדערע. עס פעלט אָבער אין דעם זשורנאַל די נויטיקע האַרמאָניע צווישן די לידער און דער פּראָזע. די ערשטע זענען צו „יום־טוב׳דיק״ און דאָס לעצטע — צו „וואָכעדיק״. אַ זשורנאַל איז דאָך נאָך אַלעמען ניט קיין האָטעל, וואָס איז געצוואונגען צו מאַכן פּלאַץ פאַר אַלערליי געסט! ער מוז האָבן אַ באַשטימטן פּנים, אַז ניט מאַכט ער אַן איינדרוק פון אַ צופעליגער שפּראַצונג, וואָס האָט אין ערגעץ ניט קיין וואָרצלען.

י. ר.

## נאָטיצן

עס דרוקט זיך איצט אַלס סעריע אין „קענעדער אדלער״ און ווערט צוגעגרייט צום ארויסגעגעבן ווערן אין בוכפאָרם דאָס גרויסע ווערק פון ב. ג. זאַק, „די געשיכטע פון די אידן אין קאַנאַדע״, אַן אומפּאַסנדיקע, פּילזייטיקע אַרבעט „פון די פריסטע אָנפאַנגען ביז דער לעצטער צייט״ און וואָס פאַרשפּרעכט אונז, ווי מיר לעזן אין דער איינלייטונג, צו ווייזן „די גרונטשטריכן, די כאַראַקטעריסטישע אייגנשאַפטן און דעם גאַנצן סכום פון דער אידישער געשיכטליכער אַנטוויקלונג אין קאַנאַדע, אין די אַלערליי געזעלשאַפטליכע, נאַציאָנאַלע, קולטורעלע און אַנדערע פאָרמען אין וועלכע זי דריקט זיך אויס״.

עס איז באמת אַ ריזיקע ארבעט, וועלכע ה׳ זאַק האָט גענומען אויף זיך צו שאַפן. פון דאָס, וואָס איז ביז היינט דערשינען, איז צו זען וואָסער אַ גרינטלעכער, פלייסיקער היסטאָריקער ער איז, וועלכער האָט פאַרוועגדט אויף דעם יאָרן פון אומערמידליכן פאָרשן און זוכן. ה׳ זאַק האָט זיך באַנוצט מיט די סאַמע אויטענטישע מאַטעריאַלן, וואָס נעמען ארום אַ פּעריאָד פון עטלעכע הונדערט יאָר, זאַמלנדיק עס אין אין אַרכיוון, אין מעמואַרן פון היסטאָרישע געזעלשאַפטן, אין דאָקומענטן און פאַרשידענע אויטאָריטעטן אף דעם געביט. ה׳ זאַק איז למשל געגאַנגען אזוי ווייט, ווי צו שטעלן זיך אין פאַרבינדונג מיט דעם אַרכיוואַר פון באָרדאָ, אָדער מיט די אָפּשטאַמלינגען פון אַ היסטאָריש־באַרימטער אידישער פאַמיליע אין פראַנקרייך, וועלכע האָט אין צייט פון פראַנצויזישן רעזשים אין קאַנאַדע ג׳עהאַט אַ שייכות מיט דער לעצטער, כדי פון זיי צו באַקומען געוויסע פאַקטן, אויטאָגראַפישע בריוו, א. אז. וו.

דאָס ווערק, וואָס וועט זיין זייער רייך אילוסטרירט, פאַרמאָגט אויך אַ אויסערגעוויינלעכן אוצר פון ביבליאָגראַפישע פאַרצייכנישן, וואָס וועלען זיין אַ באַזונדער הילף פאַר די, וואָס אינטערעסירן זיך מיט געשיכטע וו מיט אַ זאַך צום שטודירן. די אידישע היסטאָריש׳ע געזעלשאַפט פון אַמעריקע האָט דאָס ווערק אינדאָרסירט.

דאָס בוך דערשיינט קירצליך אויך אין ענגליש, דרוקענדיג זיך איצט אין אַ אידיש־ענגלישן פאַרלאַג.

## אַ בוך וועגן דער כינעזישער פילאָזאָפיע און פּאָעזיע אויף אידיש

אין פאַרלאַג פון מאַקס נ. מייזיל, ניו יאָרק, איז די טעג דערשינען אַ בוך „די כינעזישע פילאָזאָפיע און פּאָעזיע״, פון א. אלמי. דאָס בוך האָט אַ קורצע איינלייטונג פון כינעזיש׳ן אַמבאַסאַדאָר אין די פאַראייניגטע שטאַטן און באַהאַנדלט פאָלגענדע טעזיסן: כינע און איר אַלטע קולטור; קאָנפוציוס און זיין לערע; לאָא טצע און די געזעצן פון טאַאָ; דער פרידליכער גייסט פון כינעזישן פאָלק; די ווירקונג פון דער פילאָזאָפיע און פּאָעזיע אויף דער אַנטוויקלונג פון כינע; לי טאַי פּאָ, טו־פו און פאָ־טשואי און זייערע לידער; דער איינפלוס פון בודיזם אויף דעם כינעזישן פאָלק; די פאַרשיידענע פילאָזאָפישע סיסטעמען; די שי־קינג און פיר טויזנט יאָר כינעזישע דיכטונג.

## בודא אויף אידיש

א. אלמי האָט אויך פאַרענדיקט אַ ווערק איבער בודאַ און זיין לערע. דאָס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס די בודיסטישע הייליקע שריפטן ווערן איבערזעצט אויף אידיש. אַלמי האָט זיך הויפּטזעכליך געשטיצט אויף קארוס, מאַקס מולער, אָלדענבורג, גרימבאָל און אַנדערע. אין דעם בוך קומען אריין: בודאַ׳ס געבורט; ווי בודאַ דערגרייכט זיך די אומגליקן פון דער וועלט; בודאַ׳ס וואַנדערונגען און זיינע תלמידים; גירוואַנאַ און קאָרמא; די פילאָזאָפיע פון בודא׳ן און זיינע משלים. אַלס איינלייטונג צום בוך קומט אַלמי׳ס אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג וועגן בודיזם; די זעקס פילאָזאָפישע סיסטעמען און די פאַרשיידענע רעליגיעס פון אינדיען ביז און זינט בודאַ׳ן.

# האלענדער-טרופע



## איזידאָר האלענדער - דירעקטאר.

באשטייענדיג פון א גרופע אמת׳ע קינסטלער, וועלכע
וועלן דעם סעזאָן 1925-26 שפילן אין

## מאָנומענט נאַשיאָנאַל טעאַטער

באַגריסן די דערשיינונג פון זשורנאַל

## „קאַנאַדע״

די טרופע וועט דורך דעם סעזאָן אויפפירן די
שענסטע און בעסטע דראמען פון בארימטע אי-
דישע און וועלטליכע דראמאטורגן.

די פאָלגנדע זיינען די מיטגלידער פון דער טרופע:

**חנה און איזידאָר האָלענדער.**
**איידא גראפער, דינא גאָלדבערג, אדעללא שווארץ, און קלאַראַ מאַרגאָלין. מ. ב. סאַמויאילאָוו, לעאָן זיי-דענבערג, חיים יאַבלאָקאָוו, מרדכי שוואַרץ, חיים טויבער און יעקב זאַנגער.**

**ל. סירקין**, סופלאר.

**י. מיטניק**, מענעדזשער **נ. אסטראָ**, טרעזשורער

**א. גרינבערג**, סעקרעטאר.

---

### וואַרדי און יאַעליט

די בארימטע קינסטלער פון דעם
מאָסקווער „הבימה״ טעאטער,
וואַרדי און יאָעליט, באגריסן
דעם זשורנאל

**„קאַנאַדע״**

און ווינשן אים לאנג לעבן.

### יוסף איידעלבערג

1012 סט. ארביין סט.
באגריסט די דערשיינונג פון דעם
ליטעראַרישען זשורנאל

**„קאַנאַדע״**

און ווינשט אים לאנגע יאָר
מיט פיל אינטעליגענטע לעזער

„קענעדער אדלער״ דרוקעריי

# קאַנאַדע

פעריאָדיש-ליטעראַרישער
זשורנאַל

דריטער נומער
25 סענט
דעצעמבער, 1925—מאָנטרעאַל

# קאַנאַדע

פעריאָדיש-ליטעראַרישער זשורנאַל

רעדאַקטירט פון י. ראַבינאָוויטש און א. ש. שקאָלניקאָוו

אַבאָנענטן פּרייז: יערלאַך—$2.50 איינצעלנע נומערן—25ס.

מיט רעדאַקציאָנעלע און געשעפטס אַנגעלעגנהייטן זיך ווענדן:
1102 City Hall Ave., Montreal

ערשטער יאָרגאַנג | דעצעמבער, 1925 | דריטער נומער

## אינהאַלט:

א. ראבאי.

# דער פריילאכער אורח

עס איז געוועזן אנהויב פרילינג. מיר זיינען איינגעשטאנען אין א האטעל. א צוויי דריי מענטשן. אין דרויסן האט געריגנט. עס איז געוועזן קאלט. דער גראער הימל איז געלעגן ביי דער ערד. יעדער פון אונז האט אויף זיך ארויפגעצויגן די ווארעמסטע קליידער און מיר זיינען ארומגעגאנגען אזוי ווי משוגענע מיט אונזערע איינגענע איינזאמקייט און מיט אונזערע הענט טיף אין די ארבעל אריינגעשטעקט.

אזוי האט געריגנט עטלאכע טעג. דאס גראז אויף דער ערד איז שוין צעווייקט געווארען און די ערד איז געווארן פול מיט קליינע טייכלאך. ביי טאג איז געוועזן שלעכט ווארים עס איז זיך ניט געוועזן ווי אהינצוטאן און באנאכט איז נאך געוועזן ערגער.

העלפט גאט און עס קומט צו פארן אן אורח. פון אנהויב האבן מיר אויף אים געקוקט קרום, ווארים ווי שלעכט עס איז אונז יעדן באזונדער ניט געוועזן האבן מיר דאך ניט געוואלט זיין אלע אין איינעם. עס האט אונז געשראקן צוקוקן איינער דעם אנדערן אין די אויגן. און דא קומט נאך א נייער מענטש צו פארן. ווער האט געשיקט נאך דיר אומגליקלאכער?

דער אורח האט אבער ביי אונז ניט געפרעגט צי מיר ווילן אים יא צי מיר ווילן אים ניט. ער האט אונז באלד מיט זיין קומען געבראכט זונשיין.

אזוי ווי ער איז נאר אנגעקומען האט באלד אנגעהויבן צו שיינען די זון. די ערד האט זיך אפגעטריקנט און דאס גראז איז טרוקן געווארן און מיר זיינען אלע ארויס אויף גאטס וועלט און זיך געווארעמט אין דער זון און געקלעטערט אויף בערג און גערוט אין שאטן פון ביימער און דער אורח איז געווארן ביי אונז זייער באליבט און מיר האבן אים צו אונז דערנענטערט און ער האט זיך צו אונז דערנענטערט און ער דערציילט אונז פריילאכע מעשה'לעך און מיר לאכן און פרייען זיך אזוי ווי קינדער און מיר דערפילן, אז אונזער אורח איז זייער א פריילאכער און מיר דאנקען גאט דערפאר וואס ער האט אונז צוגעשיקט אזא פריילאכן אורח.

ענדיגט זיך די מעשה מיט דעם וואס דער אורח איז ניט קיין פריילאכער און גאט האט אים ניט געשיקט נאר ער איז פון גאטס האנט אנטלאפן. און דאס וואס ער איז פארט אזוי פריילאך איז נאר א פארשטעלעניש אדער אזא טייך אין וועלכן דער אורח וויל זיך אליין דערטרינקען...

„קאנאדע"

ישראל ראבינאוויטש*)

# דיסאָנאַנסן

(וועגען די מאָדערנע טענדענצן אין דער מוזיק)

אונזער צייט — די צייט מטטרונג'ס — שפילט אַזוי, אַז אַלע צייטן
זיינען פּיפּלאַך קעגן אירע הויך־צעהודזשעטע באַנדורעס,
און אַלץ העכער וועט עס הודזשען, און אַלץ העכער און אַלץ העכער
ביז דאָס הודזשען וועט פאַרהודזשען זיך אליין און ווערן שטילקייט.
—א. צייטלין

1

אז מ'האָט אויפגעריסן די אייזערנע בריקן, וואָס האָבן פארבונדן דעם היינט מיט דעם נעכטן איז נעבליבן צו בויען פּאַפּירענע בריקן צווישן דעם היינט און דעם מאָרגן. — „פוטוריסטישע" בריקן.

די אלע פּאַפּירענע בריקן זענען אָבער ניט מער ווי צייטווייליגע דער־שיינונגען, ארויסגערופן דורך דער כפל־שמונה'דיקער אומרו פון אונזער דור. עפּעס וועט פון דעם אלעם ווערן. דאָס הודזשען פון מטטרונ'ס באַנדורעס, נאָך דעם ווי עס וועט זיך אליין פאַרהודזשען און „ווערן שטיל־קייט" וועט אָן שום ספק ווערן דער אָנהויב פון עפּעס, וואָס וועט באמת באפרידיקן דעם „שירו לנו שיר חדש" געשריי פון אונזער דור. סמנים פון דערוואַרטעטער אויסלייטערונג מערקן זיך שוין דאָ און דאָרט אין אלע צווייגן פון דער קונסט.

די מוזיק איז אין דער הינזיכט פון נייע „שולעס", „ריכטונגען" און פּרעטענציעס געבליבן אביסל וועניקער „באפּרוכפּערט" ווי די פּאָעזיע למשל. אויך א י ר ע באַנדורעס הודזשען אין דעם כאָר פון אַלגעמיינעם כאָאָס, אָבער מיט וועניקער שטימקראַפט ווי א י ן און א ר ו ם דעם היכל פון פּאָעזיע. דאָס נעמט זיך אפשר דערפון, וואָס אירע טיר און טויער זענען ניט אָפן פאר יעדן, וואָס האָט א פּען אין איין האַנט און א „נייע ריכטונג" אין דער צווייטער. מוזיקאלישע קאָמפּאָזיציע איז פארבונדן מיט א שווערער טעכניק, וואָס קאָן ניט דערלערנט ווערן סיידן מען באַ־קענט זיך פריער מיט אלץ וואָס עס האָט זיך געטאָן אין דער מוזיק נעכטן און אייערנעכטן.

אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם אַלעם איז די „מרידה" אַנטקעגן דעם מוזיקאלישן „נעכטן" אין פולן שוואונג — א מרידה וואָס איר פעלט חלילה ניט די אַלע עקסצענטרישע מאָמענטן און די נויטיקע פיקאַנטקייט.

דער מאָדערניזם, אויב ער וויל געפינען א בארעכטיגונג אין דער געשיכטע פון מוזיק, דאַרף ער עס לאַנג ניט זוכן. עס איז א טעות צו באַ־שולדיקן אונזער „שטורם און דראַנג" פּעריאָד אין אלע מאָדערניסטישע צרות. דער איטאַליענער ק ל א ו ד י אָ מ אָ נ ט ע װ ע ר ד ע איז אין 16־טען יאָרהונדערט געוועזן פונקט אזאַ „פוטוריסט" ווי ל ע אָ אָ ר נ ־ ש ט י י ן איז עס אין 20־טן. ער איז שוין דעמאָלט געפאַלן אויף אזעלכע

*) דאָס דאַזיקע אַרטיקל איז אין אַ פאַרקירצטער פאָרם און אונטערן קעפּל „מוזיק און טומל" געווען געדרוקט אין דריטען נומער פון שיקאגער „אינאַיינעם", איז עס אָבער דאָרטן אַרויס שרעקלאַך צו'הרג'עט אין דרוק. דאָס גאַנצע אַרטיקל ווערט דאָ איבערגעגעבן אין אַ נייער און ברייטערער באַאַרבעטונג.

געוואָנטע „פוטוריזמען'', וואָס האָבן נאָך ביז'ן היינטיקן טאָג זיך ניט דערוואַרט אויף זייער אָפּפּערוויליקן דור... דאָס איז געווען מאָנטעווערדע'ס להכעיס־מוזיק אַנטקעגן די פעסט־איינגעפונדעוועטע טעאָריעס פון דער קלויסטערישער פּאָליפאָניע. אויך ער האָט געלעבט אין אַ צייט פון „שטורם און דראַנג'' — די רענעסאַנס־צייט; אין זיין „פוטוריסטישקייט'' אָפּט אַריבער אַלע גרעניצן.

מאָנטעווערדע איז אָבער געווען צופיל קרעאַטיווער קינסטלער זיך צו באַנוגענען מיט להכעיס־מוזיק אַליין. ניט נאָר האָט דער דאָזיגער גרויסער איטאַליענער געלעגט דעם אמת'ן פונדאַמענט פאַר דעם בנין פון גראַנד אָפּערע, נאָר האָט זיך אויך פאַראייביקט אין דער געשיכטע אַלס „דער פאָטער פון מאָדערנער מוזיקאַלישער האַרמאָניע''.

מאָנטעווערדע ווי דער גרעסטער פון די היינטיקע מאָדערניסטן — דער ניט־לאַנג פאַרשטאָרבענער קלאָד דעבוסי — האָט לאַנג ניט געקאָנט אַרומשוועבן אין אַ תהו. דאָס כאַאָטישע האָט באַקומען פאָרם און אַ גאַנץ נייע מוזיק איז געווען דער פועל יוצא.

פון איטאַליען האָבן די נייע מוזיקאַלישע טענדענצן זיך גענומען אַריבערציען קיין דייטשלאַנד, און יאָהאַן סעבאַסטיאַן באַך האָט געפונען דעם סינטעז צווישן אַלטן און נייעם. דורך זיין „וואָהל־טעמפּערירטעס קלאַוויר'' (די באַרימטע זאַמלונג פון פוגעס און פּרעלודן) ווערט די פּאָליפאָנישע מוזיק — נאָך אַלע דעמאָלט־„מאָדערניסטישע'' אַטאַקעס אויף איר — אַריינגעטריבן אין אַ נייעם גלגול און עס שאַפט זיך אַן אייזערנער בריק, וואָס פאַרבינדט דעם „נעכטן'' מיט'ן „היינט''.

דאָס איז אָבער שוין געקומען נאָכדעם ווי די רעוואָלוציע פון די „נייע'' איז געווען באַפעסטיקט און קיינער האָט שוין קיין מורא ניט געהאַט פאַר אַ „קאָנטער־רעוואָלוציע''. צוזאַמען מיט דער מורא איז פאַרשוואונדן די גרויסע „ניי־בראשית'' פּרעטענציע, וואָס ווידערהאַלט זיך כמעט מיט יעדן איינציקן דעטאַל אין אונזער אייגענער צייט...

עס איז כדאי אַביסל לענגער זיך אָפּצושטעלן אויף דעם דאָזיקן שפּאַנענדן מאָמענט אין דער געשיכטע פון מוזיק.

אָנגעהויבן האָט זיך עס דערמיט, וואָס די „זינדיקע'' קלאַנגען פון דער גאַס האָבן גענומען זיך אַדורכרייסן די שוואַרצע דיקע ווענט פון דער קירך, וואָס האָט נאָך אַלץ באַהערשט אַלץ און אַלעמען. די גאַס האָט זיך געהאַט אַן אייגענעם ספּאָנטאַנעם מוזיקאַלישען לעבן, כאָטש אויף „חכמת המוזיק'' האָט די קירכע געהאַט דעם גאַנצן מאָנאָפּאָל. הינטער די דיקע ווענט פון די מאָנאַסטירן איז אַנגעגאַנגען אַ טעאָרעטישער פּלפּול איבער אַ מוזיקאַלישען „ביצה שנולדה'' און עס איז געווען פעסט באַשלאָסן, אַז די איינציקע כשר'ע האַרמאָניע, פּאַסנד פאַר גאָט און לייט, איז אַ קאָמבינאַציע פון קוואַרטעס און קווינטעס. דאָס איז אַ סאָרט האַרמאָניע, וואָס קאָן אַ היינטיקן אייראָפּעאישן מענטשן טרייבן פון זינען. עס איז אַ סברא, אַז שוין אין יענער צייט האָט די דאָזיקע מוזיקאַלישע אינקוויזיציע אַרויסגעבראַכט אירע גאַלילעאָס, וואָס זענען — צושטעלענדיק אַן אויער צו דער פּשוט'ער פאָלקס־מוזיק פון דער גאַס — געקומען צום באַשלוס, אַז „די עתּה באַוועגט זיך דאָך''. דאָס זיינען דווקא ניט געווען קיין זייער גרויסע מיוחסים אָדער מקורבים צו גאָט, נאָר פּשוט'ע כאָר־זינגער, וואָס פלעגן זיך נעמען דאָס רעכט צו פאַרגרינגערן די גרויסע „האַרמאָנישע'' פּייניקונג דורך אַריינוועבן אַביסל אייגנס אין געוויסע פּאַסאַזשן פון דעם כאָר־געזאַנג.

פון אָנפאַנג האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן די היטער פון די קאַנוועני-

ציאַנעלע שאַץ־קאַמערן, אָבער ביסלאַכווייז האָבן זייערע אייגענע הייליקע אויערן דערפילט די גרויסע דערלייכטערונג, אין וועלכער זיי אַליין האָבן זיך געגנויטיקט ניט ווייניקער ווי די ווידערשפּעניקע זינגער און צוהערער. און ניט נאָר האָבן זיי מיט דער צייט געמאַכט אַ שוויַיג, נאָר האָבן אַליין גענומען אַריינשלעפּן מעלאָדיען פון דער גאַס אין דער הייליקער קירך אַריין. דאָס האָט שטאַרק אויפגערעגט דעם קאַטוילישען „ראַט פון טריענט“, וועלכער האָט גוזר געווען אַז אויב עס וועט ניט געלינגען צו רעפאָרמירן די קירך־מוזיק אַזוי, אַז „זי זאָל ווערט זיין צו טראָגן דעם נאָמען“, וועט מען בעסער איינגאַנצן אָפּשאַפן מוזיק אין דער קירך.

אין איינקלאַנג מיט דעם דאָזיקן באַשלוס האָט דער דאַמאָלסדיקער פּאַבסט (פּיאוס דער פערטער) באַשטימט אַ קאָמיסיע פון אַכט קאַרדינאַלן צו מאַכן אַ „גרינטליכע אויספאָרשונג“. די קאָמיסיע האָט באַשלאָסן פאַר אַ צייט איינגאַנצן צו פאַרבאָטן פּאָליפאָנישע מוזיק אין דער קירך און אין דער זעלבער צייט האָט זי געזוכט איהר מוזיקאַלישן מלאך הגואל און האָט אים געפונען אין דער פּערזאָן פון *פּאַלעסטרינאַ*, דער גרעסטער קאָמפּאָזיטאָר פון מיטלאַלטער.

דורך פּאַלעסטרינאַ׳ן איז די קירך־מוזיק באמת דערהויבן געוואָרן צו אַ געוואַלטיקער הויך, אָבער „די דערלעזונג פון דער קירך־מוזיק“ איז געקומען אַ ביסעלע צו שפּעט. די אַטמאָספערע ארום איז שוין געווען פול מיט׳ן גייסט פון רענעסאַנס. אין פלאָרענץ איז אָנגעגאַנגען אַ באַוועגונג פאַר דער אויפלעבונג פון דער גריכישער „מוזיק־דראַמע“, וואָס קיינער האָט אייגענטליך ניט געוואוסט גענוי, וואָס דאָס איז אַזוינס. איין זאַך איז אָבער געווען קלאָר פאַר די זוכער: אַז די דערלעזטע מוזיק פון דער קירך האָט געפונען אַ דערלעזונג פאַר זיך אַליין בלויז, און אויף אַזוי פיל מער געפערלאַך איז איר איינפלוס געוואָרן. די נייעסטע שטרעבונג פון דער צייט איז געווען: צוריק צום גריכישן מוסטער.

און זוכנדיק אויפצולעבן דאָס אַלטע איז די באַשאַפונג פון אַ נייער קונסט־פאָרם געווען דער פּועל־יוצא: דאָס, וואָס מיר רופן איצט מיט׳ן נאָמען „אָפּערע“.

די קירך האָט געלעגט אין חרם דאָס *טעאַטראַלישע* אין דער מוזיק; די נייע מוזיק איז געווען פול מיט טעאַטראַלישקייט. דאָ אין די נייע פאָרמען איז דער מענש געוואָרן דער מיטלפּונקט פון אַלצדינג און ער האָט גענומען פאַראַכטן דאָס *אומפּערזענליך־הללויה׳דיגע*, וואו דער מענש איז אונטערטעניק, פּאַסיוו.

אין מאָנטעווערדע׳ן האָבן אָט די נייע טענדענצן געקראָגן זייער מעכטיקסטן אויסדרוק. אַלטע צאַמען זענען געבראָכן געוואָרן און מ׳איז צייטנווייז געלאָפן פון איין עקסטרעם צום צווייטן. עס האָט אויסגעזען, אַז די אַלטע פּאָליפאָנישע מוזיק, וואָס האָט דערגרייכט איר העכסטע שטופּע פון אַנטוויקלונג ביי פּאַלעסטרינאַ׳ן, האָט אָפּגעשפּילט איר לעצטן אַקאָרד און קאָן קיין אָרט ניט פאַרנעמען אין דער מוזיק פון רענעסאַנס. וואָס האָט אָנגעהויבן מיט אַ נייער האַרמאָניע אויף אַ נייעם יסוד.

אָבער אין דעם פּראָצעס פון אַנטוויקלונג איז ניטאָ קיין „ניי־בראשית“. סוף כל סוף איז יעדע רעוואָלוציאָנערע דערגרייכונג אויך ניט מער ווי אַ המשך, אַ רעזולטאַט, פון אָנגעזאַמלטע דערפאַרונגען. אין ברען פון רעוואָלוציע וויל מען דערפון ניט וויסן. שפּעטער ווען דאָס נייע הויבט אָן שלאָגן טיפע וואָרצלען, קומט די באַרואיקונג און באַזינונג.

און אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז דורך באַך׳ן איז דאָס אַלטע צוזאַמענ־געבראַכט געוואָרן מיט׳ן נייעם. די „אויפלעבונג“ פון דעם פּאַלעסטרינאַ־

סטיל איז פונקט אזוי געווען „אבסאָלוט" ווי די „אויפלעבונג" פון דער גריכישער מוזיק־דראַמע און ווי דער באַגריף פון „אויפלעבונג" אַליין איז אַבסאָלוט. ניטאָ קיין „תחית המתים" כל זמן מיר ווערן באַהערשט פון אייביקע געזעצן און וואו דער „המחדש בטובו בכל יום" מישט זיך אריין אפילו דאָרט, וואו מען לאָזט ארויס דעם זייער שיינעם לאָזונג פון: „צוריק צום פרימיטיוו"... ניין, ניט קיין „אויפלעבונג" איז דאָס געווען, נאָר אַ ווייטערדיקע פאָרטזעצונג, און אז איר ווילט — אַ שטילע רעוואָלוציע.

און דאָס מאָל איז עס דער קאָלאָסאַלער אויפטו פון אַן איינצלנעם זשעני, וואָס איז גוואַלדיק איבערגעוואַקסן זיין צייט און זיין דור. אַז באַך איז געשטאָרבן (אין 1750) האָט קיין איין צייטונג ניט געפונען פאַר נויטיק צו מעלדן וועגן דעם פארלוסט. אין די פּראָטאָקאָלן פון דער סט. טאָמאַס קירך אין לייפּציג, וואו באַך איז געווען אָנגעשטעלט אַלס קאַנטאָר, איז ניט צו געפינען די מינדסטע אָנדייטונג, אַז די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען נאָענט צום גרויסן מייסטער זאָלן האָבן געוואוסט פון זיין אמת'ער גאונות.

באַך'ס טויט ווערט דאָרטן פּראָטאָקאָלירט אזוי:

„דער געזאַנגס־מייסטער י. ס. באַך איז אַנומעלטן געשטאָרבן. עס איז די מיינונג פון דעם בורר, אז מען זאָל אויף זיין אָרט אָנשטעלן אַ קאָמפּעטענטן כאָר־מייסטער אַנשטאָט אַן אָרגל־שפּילער, כאָטש ער דאַרף אויך קאָנען שפּילן אָרגל"...

און מעהר ניט אַ וואָרט!

ערשט מיט 90 יאָהר שפּעטער איז געקומען פעליקס מענדעלסאָן און אַנטדעקט פאַר די דייטשן דעם גרויסן סוד, אז זיי האָבן געהאַט אַ קאָמפּאָזיטאָר, וואָס זיינע ווערק פאַרדינען די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער וועלט און טאַקע דעמאָלט ערשט האָט מען גענומען שטודירן באַכ'ן און מען קאָן נאָך איהם ניט אויסשטודירן ביז'ן היינטיקן טאָג.

און באַך איז נ י ט געווען קיין פוטוריסט! ווענינגסטענס איז דער באַגריף פון „פוטוריזם", אויף וויפיל ער איז פאַרבונדן מיט „להכעיס־קונסט," געווען פאַר באַכ'ן אַ פרעמדער ענין. דער בעסטער עדות אויף דעם איז דער באַלעבאַטישער, „קליינבירגערלעכער" אָרט לעבן זיינער, מיט וועלכן מיר ווערן באַקאַנט לייענענדיק זיין ביאָגראַפיע.

זעען מיר, אַז „אונזער צייט — די צייט מטטרונ'ס —" איז ניט קיין אויסנאַם. מטטרון אַליין איז אויך ניט פון די גאָר „יונגע" און עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס זיינע באַנדורעס האָבן זיך אזוי צעהודזשעט און מסתמא אויך ניט דאָס לעצטע מאָל...

די צרה איז, וואָס יעדן מאָל, ווען מטטרון רופט ארויס זיין חברה־קלעזמער קאָן מען פאַר אַ צייט, אַ דאַנק דער גוואַלדיקער הודזשעריי, ניט דערקענען „ווער איז ווער." דעם רעוואָלוציאָנערן אויפטוער און קרעאַטיוון קינסטלער שלעפּט זיך תמיד נאָך די דילעטאַנטישע מיטלמעסיקייט, וואָס כאַפּט „שריים" פון קינסטלערישע טישן און זוכט צו פאַרמישן אירע אייגענע פלאַכקייטן מיט'ן רבינ'ס טיפקייטן.

אַט די דאָזיקע „פעסט" האָט עס טאָסקאַניני מסתמא געמיינט, ווען ער האָט אַנומעלטן, שפּילנדיק אַ קאָנצערט מיט זיין „סקאַלאַ" אָרקעסטער אין ווענעציע געגעבן דעם עולם צו פאַרזוכן דעם טעם פון אַ „פוטוריסטישער" קאָמפּאָזיציע און נאָכדעם זיך אומגעקערט מיט'ן פּנים צום עולם און דערקלערט: „און איצט מיינע דאַמען און הערן, לאָמיר דיזאינפעקטן דעם טעאַטער פאַר אמת'ער מוזיק."

און טאָסקאַניני איז ניט קיין קאָנסערוואַטיווער מוזיקער. בשעת זיין

„קאָנאַדע"

לעצטן טור אין אַמעריקע האָט מען פון זיין אָרקעסטער געהערט א באדויטענדע צאָל העכסט־מאָדערנע קאָמפּאָזיציעס און איבערהויפּט האָט דעבּיוסי פארנומען א גרויסן אָרט אין זיין רעפּערטואר. דער ציטירטער סארקאזם זיינער איז אָהן ספק געצילט אנטקעגן יענע טאַלאַנטלאָזיקייטן, וואָס מאכן פון אלץ א שאבלאָן — אפילו פון אולטרא־מאָדערניזם.

.2

אלע גרויסע קאָמפּאָזיטאָרס זענען געווען צאָם־ברעכער. פון שטענדיק אָן האָבן רעוואָלוציאָנערע קינסטלער געבראָכן טראַדיציעס און פאָרמולעס און זענען אין א געוויסן זינען געווען „פוטוריסטן." פון קלאַודיאָ מאָנטעווערדע ביז ריכארד וואגנער ציט זיך איין לאנגע קייט פון מוזיקער־רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן אומגעוואָרפן אָנגענומענע קאָנווענציעס און זיך ניט אונטערגעגעבן צו אטאקעס.

וויסנדיק אָט דעם פאקט פון דער געשיכטע זענען מיר אָפט געגוינט ארויפצוציען א פאלשע מאסקע און האלטן פאסאָן. איך דערמאָהן מיך א קאָנצערט פון יאן קובעליק. דער ווירטואָז־קונצנמאכער איז געשטאַנען פאר א גרויסן עולם און געשפּילט עפּעס אן אייגענע פארפאסונג, דאכט זיך. איז עס געווען א שטיק בלאָסע און גאָרניט־זאָגנדיקע פלוידעריי. וואָלט אימעצער אַנדערש, וואָס איז ניט קיין צעפּויקטע באַרימטקייט, אזוינס געפּידלט וואָלט דער עולם ארויס פון געדולד און יעדער איינער וואָלט זיך שטארק איבערגענומען מיט זיין גרויסער מבינות און שטרענגער קריטיק. אז קובעליק שפּילט, איז עס א באַשלאָסענע זאך, אז ס'איז גוט. איטליכער ווייס, אז ער פאר'משפּט זיך אליין, אויב ער וועט וואגן זיין אויפריכטיק.

די וועלט איז זיך דאָרום געגאַנגען איר גאַנג און קובעליק איז עטלאכע מאָל ארויסגערופן געוואָרן, כאָטש אין די אפּלאָדיסמענטן האָט מען געפילט די נוואלדיקע אנשטרענגונג צו פארפּאטשן די אייגענע אומצופרידנקייט מיט'ן לאנג־האָריגען פידל־שפּילער און מיט זיך אליין...

אין באכ'ס און אפילו אין צעזאר פראנק'ס צייטן האָבן מענשן נאָך געהאט גענוג תמימות ניט צו אפּלאָדירן דאָס, וואָס האָט צו זיי ניט אפּעלירט, היינט איז אנדערש: אין דעם הודזשען פון מטטרונ'ס באנדורעס איז פארלוירן געגאַנגען די אמאָליקע תמימות.

און אז די מאָדע דיקטירט ליב צו האָבן דיסאָנאנסן, מוז זיך יעדער אינטעליגענטער פּיליסטער אונטערגעבן.

און מיט דער אויסנאָם פון דעם אמת'ן זשעני איז קיינער היינטיקע צייטן ניט פאר'משפּט צו וואַרטן אויף אנערקענונג און „אומשטערבליכקייט" אזוי לאַנג ווי באַך.

אָבער אז מ'וויל זיין אויפריכטיק און צוגעבן, אז טראָץ דער קאָלעקטיווער צעריסנקייט אונזערער איז די וועלט נאָך די זעלבע וואָס געווען: טאָג מיט נאכט האָבן זיך נאָך ניט צוזאַמענגעמישט און זומער מיט ווינטער אויך ניט; איז עס א סמן, אז ס'איז נאָך פאָרט געבליבן א שטיקל סימעטריע אין אונזער וועלט און מיר מוזן די לעקציע פון דער געשיכטע לערנען אזוי ווי זי איז געגעבן געוואָרן.

און וואָס איז די לעקציע פון דער געשיכטע? זיי, די גרויסע מייסטער פון דעם עבר האָבן געבראָכן טעאָרעטישע געזעצן, האָבן איגנאָרירט אָנגענומענע פאָרמולעס און טראַדיציעס, — אָבער די אייבּיגע געזעצן האָבן זיי געלאָזט גאַנץ.

דאָס געזעץ איבער אלע געזעצן אין דער מוזיק איז דער מוזיקאלישער

פענאָמען פאַר זיך אַליין. דאָס, וואָס עס שיידט אָפּ מוזיק פון טומל, עפּעס איז פאַראַן אין דער נאַטור אַליין, וואָס גיט אכטונג, אַז טומל זאָל בלייבן טומל אפילו שוין נאָכדעם ווי מען באַפוצט אים מיט אַלערליי שיינע טעאָריעס און אַז מוזיק זאָל בלייבן מוזיק אפילו שוין נאָכדעם ווי די מאָדע דיקטירט צו פאַרבייטן זי אויף ריינעם טומל.

מוזיק האָט קיינער ניט דערפונדן פונקט ווי קיינער האָט ניט אויסגעטראַכט דעם קלאַנג, וואָס ווערט אַרויסגעבראַכט קלאַפּנדיק איין שטיין אָן אַ צווייטן. אין יענעם טאָג, ווען דער ערשטער מענש האָט דערהערט דעם קלאַנג פון זיין אייגענער שטים און אויסגעפונען, אַז „ס'איז גוט" האָט ער גערדאַרפט זאָגן: „פון היינט און ווייטער וועל איך געשטערט ווערן פון יעדן טומל אַ חוץ דעם „טומעל" פון מיין אייגענער שטים."

קאָן מען דען דורך וואָסער עס איז מאָדערניסטישע ריכטונג קומען און מאַכן, אַז די גוט־אינטאָנירטע אָקטאַווע זאָל אויפהערן זיין אוניסאָן? מען קאָן ניט. ס'איז אַן אומפאַרענדערבאַרער פיזישער געזעץ. נאָך אַלע איבערקערענישן און באַטישקייטן פון אונזער צייט איז די אָקטאַווע נאָך אַלץ אוניסאָן און איר עפעקט אויף אונזער געהער איז פונקט ווי נעכטן און אייערנעכטן.

און פונקט אַזוי איז מיט אַלע אַנדערע אינטערוואַלן אין די גרעניצן פון דער אָקטאַווע, דיסאָנאַנסן קאָנען ניט פאַרנעמען דאָס פּלאַץ פון קאָנזאָנאַנסן. אום צו מאַכן אַ דיסאָנאַנס פון דער פּערפעקטער קווינטע למשל מוזט איר ענדערן איר פּאָזיציע, אָבער איר קאָנט ניט ענדערן יענע סבות אין דער נאַטור, וואָס מאַכן די פּערפעקטע קווינטע אָט דאָס וואָס זי איז. דאָס געהערט צו די אייביקע געזעצן, אמת, דער אַקאָרד ווי דער דיסקאָרד זענען גלייך פאַראַן אין דער נאַטור פון מוזיק: און מיט זייער ברעכן דעם „חרם", וואָס טעאָרעטיקער האָבן געלעגט אויף געוויסע מוזיקאַלישע דיסאָנאַנסן האָבן די גרויסע קאָמפּאָזיטאָרס פון דעם עבר אויפגענומען פאַר דער מוזיק דאָס, וואָס די נאַטור אַליין האָט פאַר איר באַשטימט.

אָבער די אולטראַ־דיסאָנאַנסלער, פונקט ווי זיי וואָלטן געוואָלט נקמה נעמען אין די מעלאָדישע אינטערוואַלן למאי זיי האָבן דורות־לאַנג געגאָסן אַלע רעכט, בעת די דיסאָנאַנסן זענען געווען אונטערדריקט דורך אָנגענומענע טעאָרעטישע געזעצן — קומען זיי איצט און לעגן אַ „חרם" אויף אַלץ, וואָס איז מעלאָדיש און אַקאָרדיש. וואָס זשע וועט איצט זיין? איצט וועלן דאַרפן קומען נייע גרויסע מייסטער, וואָס זאָלן ביסלעכווייז — און גאַנץ „באַלעבאַטיש" (אַ־לאַ באַך) צוברעכן דעם נייעם „חרם" אַזוי גוט ווי מען האָט צעבראָכן דעם אַלטן...

די שיטה פון דער מאָדערניסטישער שולע איז קלאָר: זי וויל אַזאַ מוזיק וואָס זאָל אויסדריקן אַלץ, וואָס ס'איז דאָ אין דער נאַטור און אין מענטשן — קאָלירן ווי קלאַנגען, דאָס אַבסטראַקטע ווי דאָס קאָנקרעטע דענקען און פילן. אַן אויסגעצייכנטע שיטה! און די טאַלאַנטפולע פירן דאָס טאַקע אַדורך בפועל ממש; די איבעריקע באַנוגענען זיך מיט אימיטאַציע און פאָטאָגראַפיע און עס נעמט זיי ניט לאַנג אַרומצוכאַפּן די פאַנטאַזיע פון דעם היינטיקן עולם, וואָס קאָן זיך ניט אָפּחדוש'ן פון דער „אַקוראַטקייט," ווען ער הערט פון אָרקעסטער די באַקאַנטע־צו־איהם קלאַנגען פון דער גאַס. מען נעמט דאָס אָן פאַר אמת'ע קונסט, בעת אין דער אמת'ן איז מעהר ווי „קונץ" ניטאָ אין דעם.

דער היינטיקער סימפאָנישער אָרקעסטער איז רייך אין קלאַנג־פאַרב און דער פּויקער אַליין האָט אַרום זיך אַ גאַנצן באַגאַזש פון אַלערליי מיט־„קאַנאַדע"

לען צו אימיטירן אלערליי חיות און עופות, מאשינען און זאכען. איר קאָנט אפילו הערן ווי עס ווערט איבערגעגעבן „נאטוראל" דאָס מיאקען פון הונגעריקע און בענקענדיקע קעץ נאָך האלבע נאכט, אָבער ס'איז בלויז אימיטאציע.

מער ווי דאָס מיאקען פון קעץ נאָך האלבע נאכט איז — פון קינסט־לערישן שטאנדפונקט — די עמאָציאָנעלע איבערלעבונג פון דעם, וואָס ליגט וואָך אויף זיין געלעגער און הערט זיך צו צום קאָצניאמער הינטער זיין פענסטער... און איז דען נאָך פאראן א בעסער אויסדרוקס־מיטל אי־בערצוגעבן עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען ווי „די שפראך פון דער נשמה" — מוזיק ? ניט אומזיסט האָט בעטהאָווען פראָטעסטירט, ווען מען האָט אים באשולדיקט אין שרייבן „פראָגראמאטישע מוזיק" און זיין פראָטעסט איז געווען בארעכטיקט. ניט : „אזוי שטורמט א שטורם," דערצעהלט אונז דער אָרקעסטער שפילנדיק בעטהאָווענ'ס „פאסטאָראלע סימפאָניע", נאָר: „אזוי האָט בעטהאָווען דורכגעלעבט א שטורם." דער שטורם אליין האָט געשטורמט פאר בעטהאָווענ'ס קעכין אזוי גוט ווי פאר בעטהאָווענ'ען, אָבער דעם שטורם פון דער פאסטאָראלער סימפאָניע האָט דורכגעלעבט בעטהאָווען אליין.

ניט אימיטאציע, נאָר עמאָציאָנעלער אויסדרוק, ניט פאָטאָגראפיע, נאָר די פ א ר ג י י ס ט י ג ו נ ג פ ו ן ז א כ ע ן איז קונסט. די פאַר'חומר'ונג פון מוזיק וועט צו דער פארגייסטיגונג פון זאכן ניט פירן.

און דאָס אָפּזאָגן זיך פון מעלאָדיע און פון יענע האַרמאָנישע קאָמ־בינאציעס, וואָס האָבן תמיד געוועקט די שענסטע געפילן אין מענשן פירט דוכט זיך מיר צו דער פאַרלייקענונג פון עפּעס, וואָס ליגט אין סאַמע קדשי קדשים פון דעם „היכל הנגינה."

דורך דעם „חרם" אויף מוזיקאלישע דיסאָנאנסן אין דער פארגאנ־גענהייט איז די מוזיק געווען בארויבט פון עפּעס, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט איר זאלץ־און פעפער. איצט מאכט עס אן איינדרוק ווי די אולטרא־דיסאָנאנסלער וואָלטן געקומען און געזאָגט: אויב דיסאָנאנסן זיינען גוט אלס ביי־זאך ווערן זיי מהיום והלאה די הויפּט זאך און דאָס איבעריקע קאָסירן מיר אויס.

עס לאָזט זיך אָבער ניט אויסקאסירן.

פונקט ווי אַלץ אין דער וועלט איז א געמיש פון האַרמאָניע און כאָאָס, ליכט און שאָטן, זומער און ווינטער, פרייד און צער, רו און אומרו, אזוי איז די מוזיק פול מיט אקאָרד און דיסקאָרד, שאטירונג און קאָנ־טראַסט.

מוזיק איז אלצדינג, א חוץ רייכער אוממוזיקאלישער טומל.

# שניטער

אך, דו שניטער!
ווי גראַציעז עס ליגן דיינע גאַרבן,
אַ קאָסע האָסטו פונקט ווי דו, די גרויס
און שניידסט, און שניידסט די זאַנגען —
— קעפלאַך פון דער מאַמע'ס שויס...
די פעלדער ליגן נאַקעטע און וויינען —
וואַשן מיט די טרערן אָפּ די גאַרבן.
זאָג נאָר ברוינער שניטער, דו!
האָסטו ווען געטראַכט פון שטאַרבן?
און דער יונגער שניטער
פירט זיין קאָסע לינקס און רעכטס,
עס קייקלט זיך אין דער לופט אַן עכאָ —
אַ טיפער, שאַרפער קרעכץ...
שניט־צייט, שניט־צייט:
זינגען פויגל —
עס קומען בייזע געסט
אַך, די זאַנגען פאַלן, פאַלן —
עס וועבט דער טויט זיין נעסט...

# מיינע וועגן

אַלע מיינע וועגן זיינען וואַרטנדיקע —
שטיינער שווערע וואַרטנדיקע
און מאַכן שווער דאָס האַרץ...
אין א לייכטען בלויען נעפּל
צירן זיי זיך ווען ניט ווען —
מיינע רופנדיקע וועגן, וואַרטנדיקע.
און איך פאַרזיי דאָרט יאָרן אַזוי פיל בליענדיקע,
אינם זאַמד פון וועגן פרעמדע,
וואַרטנדיקע...

# דיין ליד צו מיר

כ'פרעג גאַנץ אָפּט, ווען איך קוק אויף דיר:
וואו איז דיין ליד, דיין ליד צו מיר?
אז איך קוק זיך אין דיין פנים איין
זע איך שיינען אַ העלע שיין,
וואָס דערפרייט מיך און באַהעלט
און עפענט פאַר מיר א וואונדער וועלט...
הער איך זיך איין אין דיינע טריט
דערהער איך קלאַר דיין שטילסטע ליד;

דיין טיפסטע ליד פון פרייד און זאָרגן —
דאָס ליד פון אַלעמען פאַרבאָרגן.
ווערט מיר ליב דאָס לאַנגע וואַרטן,
דעם יום־טוב נגון, דעם לאַנג געגאַרטן.
פיל איך שוין אין האַרץ ביי מיר —
דאָס שטומע ליד צו מיר פון דיר...

## צו דיר

אין שטילע בענקשאַפט צו דיר
וויגט זיך אום מיין געפיל.
אין ריינער ליבע צו דיר
פלאַטערט מיין זעל אין דער שטיל...
ביזטו ווייט ווען פון מיר
איז מיין האַרץ פול מיט צער.
ביזטו נאָענט צו מיר —
מיין קינד און מיין האַר...
ביזטו גוט ווען צו מיר,
שיינט מיין פנים מיט פרייד.
ביזטו שלעכט ווען צו מיר
איז מיין בליק פול מיט לייד.

ה. י. ביאַלאַסטאָצקי

## יעדן טאָג

יעדן טאָג גייט אויף די זון
איבער מיר, איבערן דאַך.
אָבער ניט די זון פון האַרצן —
ליכט פאַרבאָרגן און פאַרגראָבן,
גייט ניט אויף און ווערט ניט וואַך.

רוים פאַר פויגל, ערד פאַר וואָרם.
שטרעקט דער בוים צו זון זיין אָרם;
לויפן וועגן אים אַנטקעגן;
פליען פויגל מיט געזאַנגען.

פלי, מיין בענקשאַפט!
נאָך ניט אויסגעשפרייט די פליגל,
נאָך ניט אויפגעמאַכט דער ריגל —
הענגען פליגל, ווי געהאַנגען.

האַרץ, טונקעלע הייל פון מיין געמיט!
שטאַרקער, שטאַרקער מיינע טריט!

ווי עס שימערט ליכט אין הייל
און אַן אוצר היט —
ווייס איך:
הינטער טויער פון מיין טרויער
שימערט, זינגט דאָס ליכט אין מיר.
אוצר ליכט וועט זיך אנטפּלעקן,
שיין וועט ווערן אויפגעוואכט.

זון וועט אויפגיין אין פרימאָרגן.
איצט איז פינסטער, איצט איז נאַכט.
בּוים און פויגל שלאָפן.
מיינע אויגן זיינען אָפן.
פלי, מיין בּיינקשאַפט, פלי,
און בּרייננג אין מיטן-נאכט מיר זונען-גלי!...

# די הייל

די זון פארגייט —— גייט אויף אין מיר מיין בּלוט
מיט ווארמקייט און ליכט.
גייט אויף בּאַגער פון טאָג פאַרקוועלט
און בּיינקשאַפט אויפגעהעלט ווי מאָרגן-רויט
צושפּרייט זיך אָדערדיג דורך יעדן גליד
און גליט —
בּיז צו די שפּיצן-פינגער.
גרינג און גרינגער —
מיט אָנגעצונדענע, מיט הייסע טריט
גיי איך אין נאַכט אריין —
אין חשך-הייל פון איינגעשטילטער וועלט.
פאַרהוילעניש. וועג אין וועג פאַרקנוילט, פאַרלאָפן.
אין אלמערס, קאַסטענס פאַרשאָלטענע פּרינצעסינס שלאָפן
נאָר פונ׳ם קלונג פון מיינע טריט געצונדן
דער כשוף-שלאָף צוגייט, פארשוואונדן.

בּת-מלכות רירן זיך און קומען מיר אַנטקעגן
היים-גלידערדיג געשטרעקט מיט בּלענדנדיקער קויל.
אַ ליכטיקייט גייט אויף רויז-רויט
פון אונטער מיר, פון מיר, פון אונטער דר׳ערד;
און פלאַנטערט זיך בּאַלד אויף פון הייל פון נאַכטיגער
דער טונקעלער וועגן-קנויל — — —
גייט אויף בּאגער פון טאָג פאַרקוועלט, פאַרשטעלט
די טריט געצונדן —
די זון פארגייט — פארגאנגען.
מיט ווארמקייט און ליכט
מיין בּלוט גייט זוניג אויף —
איז אויפגעגאנגען!

# אַט אַזוי

אַט אַזוי טו איך אַן עפן מיינע אויגן,
און קוק ארויף צו בלויער, שטילער רו,
זע דעם אָנהויב פון די טעג מיינע וואָס דאַרפען קומען
און מאַך די אויגן צו.

און ווי אַ קינד מיט צוגעמאַכטע אויגן
אין ביטער-קלעפיקייט פון פרימאָרגנדיקן שלאָף,
ליג איך, וויקל זיך אין בלויען זון פאַרגאַנג,
אין קילן, ווייטן סוף...

ליג און הער אַ יעדן שלאָג פון הארצן
און אַ יעדן צוג פון מיינע דורכזיכטיקע הענט,
הער ווי זונען גלוט האָט זיך צוברענט
אויף די גרינע שפּיצן פון בוימער,
אויף מיינע הענט.

* * *

אין געלבלאָך-רויטן שיין
פאַרגייט מיין חלום;
ווייטע הימלען וואַכן אויף אין העלער ליכט.

בערג און טאָלן ציען זיך פאַר מיינע אויגן,
און אין העלקייט לייכט מיר אויף
דיין קלאָר געזיכט.

דינע בלאַסע קלאַנגען
ציען זיך צו ווייטע ברעגן,
און צום הימל זינגט ארויף אַ שטיל געזאַנג.

וואַכזאַם ליג איך —
הער ווי זאַמדיק פערד-טריט גאַלאָפּירן,
ציטערט אויף אין מיינע גלידער
ווי׳ טער קלאַנג.

י. טאַפּעל

# לעסטערנדיק לויבנדיק

## א

וואַרפסט מיט ליכט, שטייענדיק אין אַ ראָד מיט זונען. העל קלינגט דיין קול ווי אַ האַרץ אַ ציטעריגע, אַ גאָלדענע. אייביקייט אין־סוף׳יגע, גאָט אומענדליכער! צעשטויבט אויף שטויב, אַשיג, פּעכיג, ליג איך מיטן פּנים אַראָפּ און וויין די גאַנצע נאַכט. די פאַרגעסענע ווילדער שרייען פאַר שרעק. די בערג טוליען זיך שטום צו דער ברוינער ערד. בלענד מיך, צעמיש מיך, מאַך מיך משוגע! קאַרג נישט וואָס דיר טוט באַנג צו קאַרגן; מיט דער פולער האַנט שענק פּיין, לייד, שאַנד און ווייטיקן. קום נאַקעט! רייס, שפּיל און זינג. בינד מיר די הענט. צעבערך מיר די שיין פון די אויגן. קיל זיך און מיין איך זע קרום. איך שטיי אויף פון דער ליידיקער נאַכט, וויש זיך אָפּ ס׳פּנים, און וועל מער נישט וויינען. לעבט אַ פיש אין ים, לעבט אַ חיה אין וואַלד, וועל איך לעבן אין דיר, אין־סוף׳יגע אייביקייט, גרויסער, ליכטיקער גאָט.

## ב

די בערג פון גאָט האָבן אַראָפּגעוואָרפן דעם ווייסן שניי פון קאָפּ; דאָס גרינע גראָז פון מיין געמיט לאַשטשעט זיך זיי ביי די פיס. נאָר טונקל זענען די בערג. גאָט איז איצט נישטאָ אין זיי. אָן גאָט איז דאָך אַלץ הוילער חלום. אָט ליגט מיין ווילן פאַרהוילן אינוועניק פון חלום. דער צעדרייטער חלום פאַלט און שוימט ווי אַ וואַסערפאַל. איך קען מער נישט איינהאַלטן דעם ווינט פון מיין ווילן וואָס טראָגט זיך אַרום פון שטאָט צו שטאָט איבער די קעפּ פון שטעט. די בערג ליגן צעלייגט אין דער ערד הויך. אויף זיי די וואָלקנס ווי פערד טרייבן אַרום ווי ווילד. וואָס ווערט זיין וועט זיין. איך וועל אויפלייזן דעם שלאָף וואָס מאַכט מיך צו חלומען. און מיין געמיט ווי פריש גרין גראָז וועט נעמען גיין צו אייך און אויפגיין אויף אייך, וואו איר שטייט דאָרט אויבן צעפּרעסן פון שטורם און שוואַרץ.

## ג

אין אַ שניט ערד שטעקט דער בוים — זומער, און ווערט. דער פויגל פליט אַפּיר פון אונטערן צעבליטן צווייג, פליט זינגענדיק. ווען איך בין אַרויס פון הויז האָב איך זיך צעזונגען. קומט מיר אָן די בשורה: שטאַרבן. פאַר פרייד און שרעק הייב איך אויף די הענט. פליען זיי מיר אַוועק, שוועבן אין דער הויך און פאַלן טויטע אויף אַ שטיין. איך זע ווי די קאַרשן־בליטן פאַלן, פאַרשטעל איך מיר די אויגן. נעמט די ערד שווינדן, און גאָט אין אַ קלייד מיט אַ זוים ערגיץ אין אַ ווייסן ליכט לאַכט צו מיר. רעד איך צו זיך אין דער שטיל עפּעס וועגן אַ תיקון וואָס איך זוך און האָב ערשט איצט געפונען. עס שפּיגלט זיך אין די צוגע־מאַכטע אויגן. פאַרנורעט אין זיך אַריין הער איך זינגען. די הענט קומען צוריק און ברענגען בונטן בעז. און שיינע ווייסע אָרימס האַלז מיך, און איך שלאָף — אייביק.

„קאַנאַדע"

ד

פאַלט דער שווערער רעגן פון מיין יאוש אויף די באַבלומטע פלאַכן פון דער ערד. רעדעלט זיך דער טייך מיט קליינע זילבערנע פישלעך. די שוואַרצע שוועסטערן, די בערג, איינגעהילט אין שוואַרצן. דער חן פון פרויען מאַכט מיך בייז. איך רייס זיך די האָר. איך רייס אויס זייערע נעמען פון מיין אָנדענק. גליען די לייבער א ווייל ווי צעגליטער אש, וואָס איך צעטרעט דאָס מיט דער ערד. נעמט זיך מיין בליק ווענדן צו דיר און שפּאַרט אָן ווייט אריבער מיר. און דאָס גוטע מאַכט צונישט דאָס בייזע. קומט א היילונג אויף מיין האַרצן. אזוי אז זאָלסט מיך בריען מיט א רויטער רוט וואָלט איך געקושט די רוט. און ווי איך זיץ אזוי גייט מיר אויף די זון אין די אויגן. איך טובל זיך אין דיין ווייסער האַנט. מיין האַרץ איז גאַנץ. אין חלול בין איך אליין — און דו. די רו רופט — איך ענטפער: איך בין די רו. דו האָסט מיר געשאָנקען איך זאָל זיין מיין אייגן בעט, מיין אייגענער הימל, מיין אייגענע ערד. לויב איך דיך און זינג דיר לויב, גאָט.

ש. ד. זינגער

# אָוונט־לידער

1.

אַקעגן אָוונט שטרעקן זיך דיינע גלידער,
צו דער וועלט — צו מיר.
נעם, פאַרצי דיינע ליפּן די מיד־צעעפנטע.
הויכע באַרגיקייט ארום, פאַרנעמט
שטילע רייד, וואָס פליסן דאָ שושקענדיק און ציטריק.

2.

אין אָוונט גייט אויף מיין ליד צו דיר.
אויף בלויע ווייטן שיפט זיך
אונזער שפּראָצנדיק יוגנטליכקייט,
און קומסטו, אָוונט, אויף אונז —
ווערט ווייט און פרעמד אונזער טאָגיקע זוניקייט.

3.

צו דיר, אָוונט, גייען מיינע שטילע סודות'פולע רייד,
וואָס טריפן מיט בלוטיקן ווייַן
אין האַרץ פון מיין אויסדערוויילטע, —
אַלע רייד פון נאָענט־ליבנדיקע
וואָס קומען אויף וועגן פון איינזאַמקייט —
גייען צו דיר.
אויך רייד פון יונגע לעבנס, בלאָנדזשנדיקע,
וואָס ציטערן פאַר ערשטן גליק
אין אינגעווייד פון דיין בין־השמשות —
גייען צו דיר.
און אויף אונז אלעמען רוט דיין טונקלקייט
וואָס פאַרוויגט די וועלט אין שווייגן — — —

ב. ג. זאַק

# אַנגליציזמען אין אידיש.

שפּראַכן זיינען ווי מענטשן: זיי ווערן ניט געשאַפן פאַרטיקע און פול־אַנטוויקלטע. זיי האָבן זיך זייער קינדהייט, זייער יוגנט, זייערע יאָרן פון בליען און פון דערוואַקסנקייט, און מאַכן דורך אַלערליי מדרגות ביז זיי דערגרייכן דעם העכסטן שטאַפּל פון ליטעראַרישער און קולטורעלער פולקומענקייט.

און ווי פון מענטשן, איז אָפט דער וועג פון שפּראַכן אַ וועג פון שטייענר און פון דערנער — וואָס פאַרפּלאָנטערן זייער גאַנג, וואָס באַשווערן זייער לאַנגזאַמע און נאַטירליכע אַנטוויקלונג. דאָס דערציילט אונז די טרויעריקע מערכה, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף דעם גורל פון אונזער אידיש, די שפּראַך, וואָס ווערט גערעט און פאַרשטאַנען פון דעם גרעסטן טייל פון אונזער פאָלק, און פון ווייניקסטנס צוויי און אַ האַלב מיליאָן אידן דאָ, פון דער זייט ים.

די שונאים און געגנער פון אָט דער דאָזיקער שפּראַך האָבן פאַר איר קיין אַנדער צונאָמען ניט ווי „גלות שפּראַך”, אַ צונאָמען, וואָס זאָגט אונז, אַז זיי פילן צו איר אַ סך פאַראַכטונג און קיין האָר סימפּאַטיע ניט. אָבער דער נאָמען איז דאָך, אין אַ אומגעקערטן זין, פּאָרט אַ באַרעכטיקטער; אידיש איז אַ גלות־שפּראַך — ניט קיין שפּראַך פ ו ן גלות, נאָר אַ שפּראַך, וואָס איז א י ן גלות... ווי אַ גלות־שפּראַך ווערט אונזער מאַמע־לשון באַהאַנדלט פון אַלע זייטן, מצד אירע פריינט, ווי מצד אירע שונאים, אָן ריקזיכט, אָן צערעמאָניעס און מיט אַ מאָדנער הפקרות. די ערשטע טוען דאָס אויס צופיל ליבע, צופיל נאַכלעסיקייט, נאָר אומבאַוואוסט; די אַנדערע — אַבזיכטלאָך, באַוואוסטזיניק, ווייל זיי קימערן זיך ניט וועגן איר צוקינפ־טיקן אָדער געגנוואַרטיקן גורל.

די אידישע שפּראַך, קאָן מען זאָגן, איז פון אירע קינדער־יאָרן שוין אַרויס. זי מאַכט היינט דורך אַ שטופּע, וועלכע איז פאַר אַ סך שפּראַכן געווען אַ אומפאַרמיידלעכע זאַך ביז זיי זיינען צוגעקומען צו זייער היינ־טיקער מדרגה. אידיש אַנטוויקלט זיך אָבער אויף אַן אַנדער וועג, אַ מער־פאַרפּלאָנטערטן און מער קאָמפּליצירטן. גאַנץ באַזונדערע געשיכטלעכע, סאָציאַלע און קולטורעלע איינפלוסן און באַדינגונגען באַגלייטן דעם וואוקס פון אונזער מאַמע־לשון. ווי דאָס איז געווען און איז דער פאַל מיט אַנ־דערע לעבעדיקע שפּראַכן.

און דאָ איז אויך כדאי צו געדיינקן נאָך אַ זאַך: אַז בעת די אינדי־ווידואַליטעט, דאָס גאַנצע אינווייניקסטע וועזן פון אַ פאָלק פּיקט זיך אויס אין זיינע שפּראַך־פאָרמען, וועלכע זיינען דער שפּיגל פון זיין געדאַנק און געפיל, דאָן פּיקט זיך אין אידיש אויס איין העלפט פון דער אידישער נשמה... די צווייטע העלפט בלויז פאַר איר ווייניק וואָס אַנטפּלעקט. בלויז פאַר איר אַ טיפער, אומקלאָרער, אייביקער סוד!

אָט דערפאַר איז וויכטיק און אויך אינטערעסאַנט אַ ווײַלע זיך אָפּ־צושטעלן אויף אַ געוויסער צייט אין דער אַנטוויקלונג פון אונזער שפּראַך דאָ אין אַמעריקע, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר אַזאַ אייגנאַרטיקע דערשיינונג אין דעם אידישן קולטורעלן לעבן פון דער זייט ים.

די אַמעריקאַנער סביבה, אָט די סביבה פון וועלכער דאָס לעבן פון די היגע אידישע מאַסן געפינט זיך כסדר אַרומגערינגלט, האָט אַ זייער „קאַנאַדע”

שטארקע ווירקונג געהאט אויף דער אידישער שפראך, וועלכע האט פון דעם ארומיקן איינגעזאפט און איינגעזויגן אין זיך א סך פרעמדע קערנדלאך, א היבשע צאל ווערטער און אויסדרוקן, וואס זי האט אויפגענומען, און וועלכע האבן זיך א פלאץ געמאכט אין דעם אידישן וואקאבולאר.

מיר האבן היינט אין אידיש א גאר גרויסע צאל אנגליציזמען, ענג־לישע ווערטער, ענגלישע אויסדרוקן און אפילו ענגלישע שפראך־פארמען, וועלכע האבן זיך אין אונזער מאמע־לשון פארקליבן דורך דער פארמיטלונג פון דער ארומיקער קולטור, פון דער ארומיקער ג א ס, מיט וועלכע מיר קומען אין בארירונג. א טייל פון זיי האבן דורך דעם משך פון יארן זיך שוין איינגעפירגערט אין אידיש, און ווערן אנערקענט און באטראכט אלס תושבים אין אונזער שפראך. אנדערע וואלטן מיר געמעגט געבען בירגער־רעכט און אויפנעמען; אבער א באדייטנדן טייל פון זיי קלינגט עפעס דעם אידישן אויער ניט נאר ניט היימיש אין טאן, נאר אויך גאנץ פרעמד אין באדייטונג, און זיינען זיכער אן עלעמענט, וואס פארדארבט די ריינקייט, די אייגנארטיקייט, דעם חן פון דער אידישער שפראך.

פאראדאקסיש ווי דאס קלינגט האט דאך די אידישע פרעסע, די אידישע ציימונג אין אמעריקע פיל מיטגעהאלפן און העלפט מיט אויף אידיש, ווי דאס ווערט גערעט און באנוצט פון דער זייט ים — באנוצט ניט בלויז אין דעם טאג־טעגלאכן אומגאנג, נאר אפט אויך אפילו אין דעם אבסטראקטן געביט, — אפצושטעמפלען דעם הויך פון דער סביבה. די אמעריקאניש־אידישע ציימונג איז, אדער איז וויניקסטנס ביז מיט א צייט צוריק געווען די הויפט פארמיטלערן צווישן דער גאס און דער שפראך פון די אידישע מאסן, אריינברענגנדיק אין איר די פרעמדע ווערטער, די פרעמדע אויסדרוקן. זי האט דערמיט באוואוסטזיניק געזינדיקט קעגן דער אידישער שפראכלאכער ריינקייט, וועלכע זי האט געהאלפן פארדארבן, דורך אזעלכע ווערטער ווי „סטאר", „סיידוואק", „קאר", „ווינדע", „פעקטארי", „פעדלער", „מופן", „רענט", „פראפערטי" און צענדליקער אנדערע, וואס ווארפן זיך דורך אין אידישן ארגאן, וואס איר נעמט אין האנט. איר קענט זיך ניט פארשטעלן א ציימונג אין ענגליש, אין פראנ־צויזיש, אין דייטש, אין רוסיש — אין יעדער אנטוויקלטער שפראך, — וואס זאל ארויסגעגעבן ווערן אין אזא צו'הרג'עטן, צוקאליעטשעטן זשאר־גאן, ווי געוויסע אמעריקאניש־אידישע ציימונגען, וועלכע ריידן צו אונז אויף דער ניים־זייט כסדר אין „פליינעם" אידיש, אט טאקע ווי דאס הייסט אויפ'ן „פארווערטס"־לשון: אז „אפענער ספליט", איז אן אפע־נער ספליט, און „אומגערעכטע רולינגס" בלייבן אומגערעכטע רולינגס; אדער — אז „דער טשערמאן פון דער דזשענעראל עקזעקוטיוו באארד האט גערופן די קאנווענשאן צו ארדער, און נאך א ראל־קאל פון די דע־לעגאטן". אויף צוואנציק ווערטער — ניט וויניקער ווי 8 ענגלישע!

גוואלט, ווילט זיך שרייען, — וואו איז די באציהונג צו דער פאלק־שפראך, וואו איז דער אינטערעס, וואו איז דער געפיל פאר איר ריינקייט און אייגנארטיקייט? ביז היינט האט די ציימונג אין אונזער קולטורעלן לעבן זיך דערוואָרבן אזא אָרט, אז זי האט כמעט ווי פארשלונגען דעם בוך. דאס איז די טעגלאכע פרעסע הויפטזאכלאך, וואס פארנעמט דעם סאמע אויבנאן אין דעם גייסטיקן „מעניו" פון אידישן לעזער. דער וואס לייענט נעמט זיך גיכער צו א ציימונג ווי צו א בוך. פאר דעם בוך האט ער קיין צייט ניט, צי אפשר קיין אינטערעס ניט; אבער זיין בלאט צו לייענען וועט ער ניט פארפעלן; דאס מוז ער, דאס איז זיין טעגלאכע שפייז פאר זיין גייסט. פאלגליך פאלט עס אויף דער פרעסע צו העלפן

וויטער אנטוויקלען און קולטיווירן די אידישע שפראך, צו באריייכערן איר ווערטער־שאץ, זי צו מאכן אויסדרוקס־פייאיקער, שענער, פארצווייגטער. און דאס איז דורך דער פרעסע דורך וואנען עס שטראמען צו אונז אריין אלערליי בארבאריזמען און סאלעציזמען, וועלכע פארקריפלען די אייגנ־ארטיקייט פון דער אידישער שפראך, וועלכע צוהויקערן זי, פארזשארגא־נעווען זי.

ריידנדיק פון אנגליציזמען אין אידיש, אונטערשיידן מיר דערביי עטליכע קאטעגאריעס. קודם כל איז ווערט פעסטצושטעלן, אז די השפעה פון ענגליש אויף אונזער מאמע־לשון איז ביז היינט געווען אזוי גרויס, אז דער פראצעס פון אויפנעמען איינצעלנע ווערטער איז אנגעגאנגען לויט זיכערע כללים און לויט די פאנעטישע אייגנשאפטן פון דער שפראך אויף וועלכע מיר ריידן. דער וואס איז באקאנט מיט די פילאלאגישע געזעצן פון אידיש, דער וועט פארשטיין פארוואס דער פראסטער, ניט־געבילדעטער איד זאגט דוקא „פינדישן", „א צאמים" (אויף סאמאנס, „לייסטענס", „ליסט" (אנשטאט לים), א. אז. וו. די פארוואנדלונג פון געוויסע קאנסאנאנטן אין פאראזיטישע קלאנגען*), אדער דאס ארויספאלן פון אנדערע קלאנגען (ווי „נ" אין סאמאנס) איז א געוויינטלאכע דערשיי־נונג אין דער אידישער שפראך.

---

*) וועגן די פאראזיטיזמען אין אידיש האט דר. א. א. ראבאק אנ־געשריבן א גרינטלאכע און מייסטערהאפטע פילאלאגישע אפהאנדלונג, וועלכע געפינט זיך אין מאנוסקריפט.

רבקה רויזענבלאט

# וועלכער גוטער חלום?

וועלכער גוטער חלום
האט דיך געבראכט צו מיר?
ביזט געקומען,
און באלד ביזטו אוועק!
און געבליבן איז מיר נאר
דיין איילנדיקער קוש אויף מיינע האר —

וועלכער גוטער חלום
האט דיך געבראכט צו מיר,
אז איך זאל צערטלען אין מיין הארץ
דיין איילנדיקן קוש אויף מיינע האר?

ר. וו. עמערסאָן.

# SELF-RELIANCE*)

(עסיי)

אידיש: פון ש. ווייסמאַן

דער מענש זאָל דאַריבער אָנערקענען זיין ווערט, און אַלצדינג מאַכן אונטערטעניג צו זיך. ער זאָל נאָר ניט באַהאַלטנערהייט און גנבה'יש זיך אַרומקוקן אָדער זיך אַרויפכאַפּן מיט דער מינע פון אַ הקדש־אינגל, אַ ממזר אָדער אַ ווילד־פרעמדער אין אַ וועלט, וועלכע עקזיסטירט צוליב אים. אָבער דער געוויינלאַכער מענש פילט זיך נישטיג, ווען ער באַטראַכט אַ פעסטונג אָדער אַ מאַרמאָרנעם גאָט, ווייל ער געפינט ניט אין זיך קיין אייגנשאַפט, וואָס זאָל זיך לאָזן פאַרגלייכן מיט דער קראַפט, וואָס האָט דאָס אַלץ אויפגעטאָן. אים זעען אויס פרעמד און דערווייטערט דער פּאַלאַץ, די סטאַטוע, דער ווערטפולער בוך, אָט אַזוי ווי אַ פרייליכער שפּאַן, ווי זיי וואָלטן אים געפרעגט: ווער ביזטו דאָס, מענש איינער? אָבער, זיי אַלע געהערן דאָך אין אמת'ן צו אים, זיי זוכן זיין אויפמערקזאַמקייט, זיי בעטן זיך אַז זיינע גייסטיגע אייגנשאַפטן זאָלן זיך אָפּרופן און קומען באַזיצן זייער אייגנטום. דאָס בילד וואַרט אויף מיין אורטייל, ס'קען מיך ניט באַהערשן, נאָר איך דאַרף באַשטימען זיין ווערט געלויבט צו ווערן.

יענע באַקאַנטע מעשה וועגן דעם שכור, וואָס איז אויפגעהויבן געוואָרן טויט שכור אין גאַס, געבראַכט געוואָרן אין פּריצס הויז, אַרומגעוואַשן, אָנגעטאָן און אַריינגעלעגט געוואָרן אין פּריצס בעט, און ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט מען אים באַהאַנדלט צירליך־מאַנירליך ווי ס'פּאַסט פאַר אַ פּריץ, און מ'האָט אים פאַרזיכערט אַז ער איז ביז דאַן געוועזן משוגע — אָט די מעשה איז אַזוי אַלגעמיין באַקאַנט, ווייל זי סימבאָליזירט אַזוי גוט דעם עצם וועזן פונם מענטשן, וועלכער גייט אַרום אויף דער ערד ווי אַ מין שכור, וועלכער כאַפּט זיך אָבער אויף פון צייט צו צייט, באַנוצט זיך מיט זיין שכל, און געפינט אויס אַז ער איז אַן אמת'ער פּרינץ.

אונזער לייענען איז בעטלעריש און פּאַראַזיטיש. אונזער פאַנטאַזיע ווערט פאַרפּירעריש און פאַלש ווען מיר גיבן זיך אָפּ מיט געשיכטע. קעניג און לאָרד, מאַכט און באַזיץ זיינען מער צוציענדע ווערטער איידער די געוויינלאַכע ראובנס און שמעונס, וואָס וואוינען אינם קליינעם שטיבעלע און טוען געוויינלאַכע טאָג אַרבעט, אָבער די ענינים פון לעבען זיינען דיזעלבע אומעטום, דער סך הכל — דער זעלבער. פאַרוואָס זאָלן מיר אַרויסווייזן אַזוי פיל כבוד אַלפרעדן, סקאַנדערבערגן און גוסטאַוון? און אפילו אַז זיי זיינען געוועזן גרויסמוטיג, האָבן זיי דען אויסגענוצט די גאַנצע גרויסמוט? אַן דיין אייגענער האַנדלונג היינט הענגט אָפּ פּונקט אַזוי פיל ווי אַן זייערע עפנטליכן און באַרימטע מעשים פון אַמאָל. ווען געוויינלאַכע מענטשן וועלן לעבן מיט זייערע אייגענע מיינונגען, וועט דער גלאַנץ איבערגעפירט ווערן פון די אויפטוען פון מלכים צו די אויפטוען פון פּשוטע בשר ודמ'ס.

די וועלט איז ווירקליך ערצויגן געוואָרן פון אירע מלכים, וועלכע האָבן שטאַרק פאַרכשופט די אויגן פון די פעלקער. דורך דעם קאָלאָסאַלן קע־

---

*) זע „קאַנאַדע", נומער 2.

ניגליכן סימבאָל האָט זי זיך אויסגעלערנט צו פאַרשטיין דעם געגנזייטיגן כבוד, וואָס איין מענש זאָל קריגן פונם אנדערן. די פריידיגע געטריישאַפט, מיט וועלכע מענטשן האָבן אומעטום ערלויבט דעם קעניג, דעם האר אָדער דעם גרויסן לאַנד באַזיצער ארומצוגיין צווישן זיי לויט זיינע אייגענע געצן, צו באַשטימען זיין אייגענע אפשאצונג פון מענשן און זאכן, און מבטל צו זיין זייער אָפּשאצונג, צו צאָלן פאר געוויסע נוצן ניט מיט געלט, נאָר מיט כבוד, און צו פאַרקערפּערן דאָס געזעץ אין זיין אייגענער פּערזאָן, — דאָס איז געווען דער באַהאַלטענער סימבאָל, דורך וועלכן זיי האָבן, אויף אַן אומקלאָרן שטייגער, באַצייכנט זייער באַוואוסטזיניגקייט וועגן זייערע אייגענע רעכט און ווערט, די רעכט פון יעדן מענשן.

דער מאַגנעטיזם, וואָס ווערט אויסגעאיבט דורך יעדער אייגנאַרטיגער האַנדלונג, ווערט אונז קלאָר נאָר דאַן, ווען מיר פאַרשן אויס די סבה פון זעלבסט-צוטרויען. ווער איז דאָס דער נאמן ? ווער איז דאָס דער אורשפּרינגליכער „איך,״ אויף וועלכן ס׳באַזירט זיך דער אוניווערסאַלער צוטרויען? וואָס איז דער עצם וועזן און קראַפט פון דעם גרויסן שטערן, וואָס אונטערוואַרפט זיך ניט צו קיינע וויסנשאַפטליכע אויסרעכנונגען, וועלכער וואַרפט אָבער אַרויף אַ שטראַל פון שיינקייט אפילו פון די קלענסטע און אומריינסטע מעשים, אויב נאָר זיי זיינען באַגלייט מיט דעם מינדסטן צייכן פון זעלבסטשטענדיגקייט ? די פאָרשונג פירט אונז צו דעם קוואַל, וואָס איז גלייכצייטיג דער תוך פון געניאַליטעט, פון גרויסמוט און פון דעם לעבן גופא, צו דעם קוואַל, וואָס מיר רופן ספּאָנטאַנישקייט אָדער אינסטינקט. אָט די ראשית חכמה באַצייכנען מיר מיטן נאָמען אינטואַציע, אָדער אינערליכע חכמה און דאָס גאַנצע שפּעטערדיגע, צוגעוואַקסענע וויסן רופן מיר „טואַציע״, אָדער אויסגעלערנטע חכמה. אין יענער טיפער קראַפט, דער לעצטער פאַקט, וואָס דערלאָזט ניט קיין ווייטערדיגע פאָרשונג, געפינען אַלע זאַכן זייער געמיינשאַפטלאַכן אורשפּרונג. ווייל דער געפיל פון דאַזיין, וואָס קוועלט אויף אין אונזער נשמה אין געוויסע רואיגע שעהן, כאָטש מיר ווייסן אַליין ניט ווי אזוי דאָס קומט, איז אין תוך ניט פאַרשיידן פון זאַכן, רוים, ליכט, צייט, און מענש, נאָר ס׳איז איינס און דאָסזעלבע ווי זיי, און ס׳שטראָמט וואַרשיינלאַך פונ׳ם זעלבן קוואַל, פון וועלכן זייער לעבן און וועזן שטאַמט. מיר לעבן צוערשט דורך דאָס לעבן, מיט וועמענס כח זאַכן עקזיסטירן, און ערשט דערנאָך זעען מיר די זאַכן אַלס ערשיינונגען אויף דער וועלט, און מיר פאַרגעסן גאָר אַז מיר טיילן מיט זיי זייער אורשפּרונג.

דאָס איז דער פּאָנטאָן פון וועלכן ס׳שטראָמען אַרויס אונזערע מעשים ווי אונזערע געדאַנקען. דאָס איז דער אורשפּרונג פון דער אינספּיראַציע, וואָס גיט דעם מענשן חכמה, און וואָס מיר קענען ניט אָפּלייקענען, סיידן מיר זיינען סתם כופרים און גאָטלאָז. מיר געפינען זיך אונטערן שוץ פון אַ ריזיגער חכמה קראַפט, וואָס באַשטימט אונז אַלס טרעגער פון איר גרויסן אמת און אַלס אָרגאַנען פון איר אַקטיוויטעט. ווען מיר פאַסן אויף דאָס גערעכטע און דאָס אמתע, טוען מיר אַליין באמת גאָרניט, מיר לאָזן אין זיך נאָר אַ פרייען דורכגאַנג פאַר אירע שטראַלן. ווען מיר פרעגן זיך פון וואַנען דאָס אַלץ קומט, ווען מיר זוכן דורכצודרינגען דעם סוד פון דער נשמה, וואָס פאַראורזאַכט דאָס אַלץ — פאַלט דורך יעדער מעטאַפיזישער און יעדער פילאָזאָפישער סיסטעם. דאָס איינציגע, וואָס מיר קענען באַשטעטיגן איז נאָר אַז די קראַפט איז דאָ אָדער איז ניט דאָ אין און אַרום אונז.

יעדער מענש באַגרייפט דעם אונטערשייד צווישן די מחשבות, וואָס

ער רופט אין זיך ארויס מיט זיין פרייען ווילן און זיינע געצוואונגענע אינערליכע געפילן. ער ווייסט אויך ווי געהעריג אָפצושאצן די ווערט פון די געצוואונגענע געפילן. ער וועט זיי אָפטמאָל גיבן דעם ניט ריכטיגן אויסדרוק, ער ווייסט אָבער אז זיי זיינען ממשות'דיגע, זאכן אָט אזוי ווי טאָג און נאכט, און לאָזן ניט איבער קיין אָרט צו צווייפלען וועגן זיי. אלע מיינע פרייע מעשים און ערפארונגען זיינען ניט געזעצטע, אָבער די מינדסטע פאנטאזיע מיינע, די שוואכסטע, אייגנארטיגע עמאָציע מיינע זיינען אייגענע און געטליכע. לייכטזיניקע מענטשן זיינען גאנץ גרייט זיך צו רעכנען מיט די באהויפטונגען פון זייערע אינערליכע געפילן אזוי ווייניג ווי מיט די באהויפטונגען פון זייערע מחשבות, און אפשר נאָך ווייניגער, ווייל זיי ווייסן ניט ווי צו אונטערשיידן צווישן דעם אינערליכן געפיל און דעם אויבערפלעכלאכן איינפאל. זיי מיינען אז כ'האָב די ברירה צו זיין דאָס אָדער עפעס אנדערש. אָבער באמת איז דער אינערליכער געפיל ניט קיין קאפריז, נאָר א מוז זאך. ווען איך זע א געוויסן שטריך, וועלן מיינע קינדער נאָך מיר אים זען, און אין לויף פון דער צייט וועט די גאנצע מענשהייט אים זען — כאָטש ס'איז זייער שיין מעגליך, אז פאר מיר האָט עס קיינער ניט געזען, ווייל מיין אינערליכער געפיל דערפון איז פונקט אזוי ממשות'דיג ווי די זון.

די באציאונגען צווישן דער נשמה און דעם געטלאכן גייסט זיינען אזעלכע ריינע, אז ס'איז א מין חלול הקדש צו זוכן די הילף פון זייטיגע מיטלען. ס'איז א מוז זאך, אז ווען גאָט רעדט, לאָזט ער אונז הערן ניט נאָר איין זאך, נאָר אלצדינג, פילט ער אָן די וועלט מיט זיין קול; פון מיטן פונם יעצטיקן געדאנק פארשפרייט ער ליכט, נאטור, צייט און נשמות, און ס'איז גלייך ווי ער וואָלט ווידער אָנגעהויבן פון בראשית און באנייעם באשאפן די גאנצע וועלט. אלעמאָל ווען א מענשנס גייסט אנטפלעקט זיך אין זיין איינפאכקייט, און נעמט אויף די געטלאכע חכמה, פארשווינדן צוליב אים אלע אלטע זאכן, — אמאָליגע מיטלען, לערער, שריפטן און טעמפלען צופאלן זיך. בלויז דער מענשלאכער גייסט עקזיסטירט דאן, און ער זאפט אין זיך אריין אין דער געגנווארטיגער שעה די גאנצע פארגאנגענהייט און די גאנצע צוקונפט. יעדע זאך ווערט געהייליגט דורך איר באציאונג צו אים — די קלענסטע ווי די גרעסטע. אלצדינג ווערט אויפגעלייזט אין זיינע גרונד עלעמענטן, צוליב דער אורזאך פון אלע אורזאכן. צוליב דעם גרויסן וועלט נס פארשווינדן אלע קליינלאכע און איינצעלנע נסים. אזוי איז עס, און אזוי מוז עס זיין. דעריבער ווען א מענש מאכט דעם אָנשטעל אז ער קען גאָט און ער רעדט וועגן אים, און ער ברענגט דיך צוריק צו דער פראזעאָלאָגיע פון עפעס אן אלט, אָפגעלעבט פאָלק פון אן אנדער לאנד און פון אן אנדער וועלט, זאָלסטו אים ניט גלויבן. איז דען די נוס פונ'ם דעמב בעסער איידער דער דעמב גופא, וועלכער איז איר פולקייט אין שלימות? איז דען דער פאָטער בעסער איידער דאָס קינד, אין וועמען זיין גאנצער, רייפער וועזן איז פארקערפערט? פארוואָס זשע זאָלן מיר אזוי שטארק פארערן די פארגאנגענהייט? די יאָרהונדערטן זיינען אין א פארשוועכונג קעגן דעם געזונדסטן און מאיעסטעטישסטן פון אונזער נשמה. צייט און רוים זיינען בלויז פיזיאָלאָגישע קאָלירן, וואָס דאָס אויג פאבריצירט, אָבער די נשמה — זי איז דאָס ליכט. דאָרט וואו זי איז, דאָרט איז טאָג; דאָרט וואו זי איז געווען, — דאָרט איז נאכט. געשיכטע איז באמת אן איבריגע און א שעדלאכע זאך ווען זי דינט אלס עטוואָס מער ווי א פריילאכער משל צו מיין וועזן און צו מיין ווערן.

דער מענש איז אָבער שרעקעדיג און אַפּאַלאַגעטיש. ער האָט פאַרלוירן זיין זעלבסטשטענדיגקייט. ער וואגט ניט זאָגן: „איך דענק,” „איך בין,” ער ציטירט נאָר די ווערטער פון א הייליגן און פון א חכם. ער שעמט זיך פארן מינדסטן גרעזעלע, און פאר דער בליענדער רויז. אָט די רויזן, וואָס וואקסן אונטער מיין פענסטער, דערמאָנען ניט דעם יחוס פון פריערדיגע אָדער פון בעסערע רויזן. זיי זיינען דאָס וואָס זיי זיינען, זיי לעבן היינט פאר גאָט. זיי ווייסן ניט פון קיין צייט. אָט איז פאר אונז די רויז אין איר גאנצער איינפאכקייט, זי איז פאָלשטענדיג אין יעדן מאָמענט פון איר עקזיסטענץ. נאָך איידער א בלעטל־שפּריץ האָט זיך אויפגעעפנט לעבט זי שוין מיט איר גאנצער לעבנס קראפט. אין דער פול־אויפגעבליטער בלום, איז נישטאָ מער, און אין דעם וואָרצל, וואָס האָט נאָך ניט קיין בלעטל, איז ניטאָ ווייניגער. איר וועזן איז צופרידנגעשטעלט און זי שטעלט צופרידן די נאטור אין אלע מאָמענטן אויף דעמזעלבן שטייגער. זי ווייסט ניט פון קיין באשטימטער צייט. אָבער דער מענש לייגט אָפּ אָדער ער דערמאָנט זיך. ער לעבט ניט מיט דער געגנוואַרט, נאָר מיט אויגן געווענדעט אויף צוריק, באוויינט ער די פאַרגאַנגענהייט, אָדער, ניט שענקענדיג קיין אויפמערקזאמקייט צו דער שפע, וואָס איז ארום אים, שטעלט ער זיך אויף די שפּיץ פינגער פאַראויסצוזען די צוקונפט. ער קען אויך ניט ווערן גליקלאך און שטארק ביז ער וועט ניט אָנהייבן לעבן מיט דער נאטור אין דער געגנוואַרט, און זיך ניט רעכנען מיט קיין אנדערער צייט.

דאָס וואָלט געדאַרפט זיין גאנץ קלאָר. דאָך זעען מיר אז מענטשן מיט גאָר שטארקע מוחות וואגן ניט צו הערן אפילו גאָט אליין, סיידן ער רעדט אין דער שפּראך פון עפּעס א דוד, א ירמיהו, אָדער א פּאול. אָבער, מיר וועלן ניט אלעמאָל צושרייבן אזא גרויסע ווערט צו א פּאָר שריפטן און צו די לעבנס באשרייבונגען פון א פּאָר מענטשן. מיר זיינען ווי די קינדער, וואָס לערנען זיך אויס אויף אויסווייניג די באהויפּטונגען פון זייערע באָבעס און לערער, און, ווען זיי וואקסן אונטער, פון די טאלענטירטע און גייסטיג שטארקע מענטשן, וועמען זיי טרעפן צופעליג אָן — זיי מוטשען זיך צו געדענקען די פּינקטלאָכע ווערטער, וואָס זיי האָבן געהערט. אָבער שפּעטער צו, ווען זיי לעבן זיך אריין אין דעם שטאנדפּונקט, וואָס די מענטשן מיט יענע מיינונגען האָבן פאַרטראָטן, פארשטייען זיי זיי דאַן, און זיינען גרייט אָפּצולאָזן די ווערטער: זיי קענען דאָך צו יעדער צייט, ווען די געלעגנהייט וועט דאָס פאַרלאנגען, באנוצן אייגענע ווערטער וואָס זאָלן זיין פּונקט אזוי גוט. אויב נאָר מיר לעבן ווי געהעריג, וועלן מיר אויך זען ווי געהעריק. ס'איז פּונקט אזוי לייכט דעם שטארקן מענטשן צו זיין שטארק, ווי דעם שוואכן מענטשן צו זיין שוואך. ווען מיר האָבן נייע ערפארונגען, זיינען מיר גערן גרייט צו באפרייען אונזער זכרון פון דער משא פון זיינע אָנגעזאמלטע אוצרות, גלייך ווו זיי וואָלטן געוועזן אלטע, אומווירדיגע זאכן. ווען דער מענש לעבט מיט זיין גאָט, איז זיין קול אזוי אנגענעם זיס ווי דאָס מורמלען פון דעם טייכל, און ווי דאָס רוישן פון די קאָרן זאנגען.

(ווייטערעס אין פערטן נומער)

# דאָס וואָרט

דאָס וואָרט דערציילט, דערציילט,
און ווערט אַנטשוויגן פלוצלינג.
די שטילקייט היילט און היילט,
און הויבט אָן ווײנען פלוצים.

און ס׳גייט דער ווייטיק אויף
ווי גאָר אין רויען אָנהויב.
קיין רגע ניט אוועק —
עס בלוטיקט ווי אין אָנהויב.

די צייט, זי היילט ניט אויס,
זי קאָן עס ניט פארהיילן,
די וואונדן — אָפענע,
און בלייבן אָפן.

די טרייסט — אַן עלנט וואָרט,
עס ווערט אנטשוויגן פלוצים.
די שטילקייט היילט אַ וויל,
און הויבט אָן ווײנען פלוצים.

# פון קאַרעץ

פשוטע, אין דער עניוות זייערער,
אין קוים-הערבארן ערליכן לעבן.
אין זייער קינדערשער צייט —
ערשטע פאָטערליכע שיינקייט אין דעם סידור.
און פונם סידור פירט זיי א שמאָלער וועג ארויס,
און די גאסן פון דער וועלט זיך וואונדערן.
און זאָרגן טראָגן און עול, און יאָך
אין ליכט פון היילקן גלויבן.
יסורים ביזן טויטן-טאָג, און טויטן בעט,
וואו קינדער און אייניקלאך באלייכטן זיי.
ווי ווייסע ליכט —

אָ, יענע שטילע ליכט אין אלטע לייכטער.

יענע שטילע ליכט אין אלטע לייכטער,
זיי זיינען אזוי רואיק.
פנימער — קינדיש אויסגעוויינט און אויסגעבלייכט
און די ווינקלען פון די דלות׳דיקע חדרים,
בייגן זיך, באהאלטן אויף אייביק אין אין זייער פינסטער

א ליכטיקע דערמאָנונג,
טריט, ניט פארקלונגענע צו קיינעם...

און די דרויסענדיקע געלע ווענט,
זיי האָבן קוים געהערט דאָס רויע רוישן
די געשרייען פון דער אומגערעכטיגקייט און זינד.
זיי קוקן ווייס און אָפן און זעען
קליינע מיטות אויף די אקסל פון די טרעגער,
די פייגעלאך וואָס פליען צו די פענסטער
פון די אבלדיקע שטיבער.

זייט געבענשט, אָ, זייט געבענשט פון גאָט,
א,ן אייער פרימאָרגנדיקער שטילקייט,
שטיבלאך נעבן אונזער בית-עולם.
פון די פרישע בלויע הימלען
פיקט די זון די שפיצן פון די הויכע בוימער,
און מצבות שטייען אזוי אומשולדיק,
און — געדענקען...

אײדא מאזע

# דאָס בילד פון מיין לעבן

כ'האָב אָנגעהויבן וועבן אַ בילד פון מיין לעבן,
פון זיידענע פעדים מיט גלאַנצנדיקע פארבן.
האָבן די פארבן צועסן די פעדים,
ס'האָבן די קאָלירן אליין שוין געהאלטן ביים שטאַרבן.
נאָר איך האָב געוועבט, פאָדים צו פאָדים געבונדן,
געמאָלן אוזאָרן, — דאָ נידריקער, דאָ העכער,
זיך געשטאָכן די פינגער ביז בלוטיקע וואונדן.
עס האָט דאָס בילד זיך צורונען
און געבליבן נאָר לעכער...

# לידער אין ווינט

עס טראָגט דער ווינט מיינע לידער אין זיך,
דערפאר זינגט ער אָפט טרויעריק אזוי
און ברייננגט מיר צוריק איינציקווייס
אָפגעריסענע אקאָרדן פון זיי.

און ווען די זון שיינט אויף העל
און דער ווינט בלאָזט ווייך אזוי,
דאַן הער איך מיינע לידער וויינען שטיל
און זע זיי לייכטן בלייך אזוי.

„קאַנאַדע"

# בריוו פון ניו יאָרק

ס'איז גוט ווען מען גייט אוועק אויף א שטיקל צייט פון יענעם ווינקל וואו יעדער דיכטער ברענגט מיט זיך דעם ליטעראַט אויף די פּלייצעס. אזוי פאר זיך איז דאָך איטליכער פון אונז א פּריוואַט־מענטש, א אָפּגעזונדערטער אין זיין לעבן און אין זיין אמת. און זיין וואָך און שבת. קומט מען אָבער אריין אין ווינקל זיך זען מיט קאָלעגן, שמועסן ליטעראַטור, ליטעראַטור־פּאָליטיק, ווערט דאָס אמת'ע אינם קינסטלער פארשטעלט. א באַזונדער מין אויסגערעכנטקייט ווערט אויף אייך ארויפגעוואָרפן, א פעל זאָל פארדעקן אייער אמת'ן איך. אין קאַפּיי ווערט דאָס קינסטלערישע און דאָס דיכטערישע אינם דיכטער פארפלאכט. עס ווערט א קאָלעקטיווער מעשענער פּאַנצער אויפ'ן ברוסט, וואָס גלאַנצט אזוי ניט עכט און אזוי אָרים. מיר דאַכט זיך אויס אז אינערגעץ קאָן זיך דאָס מענשליכע אינם קינסטלער אזוי אָרים־קלאָגעדיק ארויסשטאַרטשען ווי אין דער קאַפּיי וואו מ'קומט זיך ווייזן איינער פאר צווייטען. אמת, אויף יעדן איינעמס פּנים שיינט א שטיקל שכינה־שיין פון אינדיווידואַלן אריסטאָקראַטיזם, אָבער גראָדע דאָס וואָס מאַכט יעדן פאר דאָס וואָס ער איז ווערט אין יענער סביבה אָפּגעווישט אינגאַנצן. איך ווייס ניט. אפשר איז ערגעץ אַנדערש־אַנדערש, אפשר איז אַמאָל אויך געווען אַן אַנדער סביבה דאָ. נאָר אויב די שטימונג אין אונזער גאַנצער ליטעראַטור, אין אונזער שאַפן איז א שווערע און א מאַיומדיקע, איז די אָפּשפּיגלונג פון דערדאָזיקער שטימונג א וויסט־טראַגישע אין דער קאַפּיי וואו עס איז אפשר יאָ אַמאָל געווען אַן אַנדער לופט, א לעבעדיקע פאַרן קינסטלערישן מענטשן. און נאָך א זאַך ווייזט זיך, ווען דו פארגעסט אויף א שטיקל צייט אז ס'איז פאַראַן ערגעץ אַזאַ זאַך ווי א קלייזל וואו פון קונסט ווערט ציניזם; עס קומט דיר אויפ'ן זינען א מענטש, און נאָך איינער, און א דריטער וואָס האָבן זיך איינמאָל פאר אַלע מאָל געמוזט ארויסרייסן פון דעמדאָזיקן ווינקל, און פארקליבן זיך מיט זיך אַליין און כאָטש ווי־ניט־איז אָפּהיטן דאָס וואָס אין זיך פאר א הייליקייט איינגעשוואָרן. מיר איז שוין ניט איינמאָל אויסגעקומען הערן פון א דיכטער אז ס'האָט זיך אים דערעסן דער גאַנצער אויפגעבלאָזענער און צעפּילטער טאַרעראַם וואָס הערשט אין אונזער ליטעראַטור. אין באַזונדערע ווינקעלאַך וואָלטן מיר זיך געכאַפּט צוריק. אין באַזונדערע שטעט, וואָלט אפשר יעדער איינער פון אונז זיך דערזען אין ניט יענעם, וואָס עס ווייזט זיך אויס אז ער קריכט אויף מיר, אז ער שאַרפט די ציין אויף מיין קאָפּ. עס האָט געמוזט זיין עפּעס פייערליך־שיינס אין יענער צייט ווען די ערשטע פאַר ,,יונגע''־חברים האָבן דערפילט אין זיך די אינערליכע קינסטלערישע פאַרוואַנדשאַפט. נאָך היינט לעבט עס אין זיי ביז א געוויסער מאָס און גיט זיי יענע מין באַזונדערטקייט וואָס האָט אין זיך עפּעס יום־טובדיקס. איר וועט עס ביי די איצטיקע פאַר דיכטער וואָס פירן כלומרשט אויך א חברשאַפט ניט זען און ניט קאָנען בשום אופן דערשפּירן. עפּעס אַזאַ מין גרויע קאַלטע טרוקנקייט. אַזאַ מין וואָכעדיקייט און גרויקייט און ליידיקייט. איך ווייס, עס וועט זיך געפינען ניט איינער וואָס וועט אויפמישן דאָס זכרונות ספרל און אָנווייזן מיטן פינגער אויף די און די חטאים וואָס די ,יונגע'' זיינען באַ־

גאנגען. אויף יענע און יענע שלעכטע מידות וואס די יונגע האבן פאר־
פלאנצט און ס'איז איינגעווארצלט געווארן אין דער ערד פון אונזער לי־
טעראַרישן שאפן. געוויס זיינען די יונגע נישט ריין פון אזוינע באשולדי־
קונגען און זיי טראגן, דאכט זיך מיר אליין שוין די שטראף אויף זיך פאר
די דאזיקע זינד, איך מיין אבער, אז אין דער טרוקענער זאמדיקער אט־
מאספערע פון יענער צייט, ווען די „יונגע" זיינען געקומען, זיינען זיי
געווען א ליכטיקער פונקט אין דער ארומיקער מגושמדיקייט און גרויקייט.
פון זייערע טאלאנטן רעד איך דא נישט. און ס'איז נישט וויכטיק אזוי זיך
אפצושטעלן איצט דערויף: זיי האבן זיך יעדער איינער זיין באזונדערן
פארדינסט פאר אונזער פאעזיע. „עס איז געווען אין זיי עפעס סעק־
טאנטישעס," ווי לייוויק האט זייער טרעפליך דאס באמערקט רעדנדיק
וועגן די יונגע, אנומלטן אין די „שריפטן" לייוויק האט געוואלט באשול־
דיקן, האט געזוכט סיבה'ס אין דער מחנה פון די דיכטער און די ארו־
מיקע סביבה האט ער דאכט זיך געזוכט צו באזייטיקן. אינאמת'ן, איז
אפשר א גענוגער כח געווען פון די פאר פאעטן וואס האבן אפגעהיט און
ריין געהאלטן זייער באשיידענעם שטילן וועג וואס זיי האבן ארויסגשניטן
פון דער ארומיקער קולטורלאזיקייט און מטושטשדיקייט. ס'וועט אפשר
ביי א סך קלינגען פאראדאקסאל, ווען איך וועל זאגן, אז די יונגע זיינען
געווען די ערשטע ביי אונז וואס זיינען קולטורעל. נישט נאר קינסטלעריש.
און ערשיינונג זיי וואס האבן. אויסערליך דאכט זיך געשטורעמט קעגן „קול־
טור." זיינען טיף אין תוך, געווען אונזערע פיינסטע קולטור־פארשפריי־
טער... זיכער זיינען זיי נישט געווען די אויפבויער פון א באוועגונג, די
באגרינדער פון אידייען. זיי האבן אבער געשאפן א ריינעם גרונט פאר
א ליטעראטור. ארום זיי האבן געבושעוועט אזוי פיעל צושריגענע און
צופלויגענע טענדענצן (היינט האט זיך צוריקגעקערט אין א געוויסן זין
יענע דור־הפלגה'דיקייט) און זיי זיינען נישט פארטויבט און נישט פאר־
שטויבט געווארן פון זיי. נאטירליך וועט אזא פסוידא־פאעט ווי לעיע־
לעס שפיאניר, די אינטעליגענטישקייט אינם אינהאלט און פארם פון
אן עכטן דיכטער, וועט ביי אים אויסקומען אז דאס טיף־קינסטלערישע.
דאס עכטע וואס אין דער פערזענליכקייט פונם דיכטער, איז נישט גענוג
פאר אים, דערפון איז איצט קיין רייד נישט. איך וויל באטאנען, אז גראד
איצט, איז ביי אונז מעגלאך אז אלערליי פאלשע ריכטונגען זאלן אויפקומען.
און מענטשן מיט עלעמענטארן חוש און ענגן געדאנק זאלן מיינען אז זיי
זיינען ביכולת אריינברענגען אלע נייעסן פון דער וועלט אין אונזער
„וועלטל". און לערנען ווערטערבוך־תורה און ארויסגעלייענטע, פלאך־
פארדייטע טעאריעס וועגן נייקייטן און וועלט־ברעכנדיקע אויפטוענגן.
ס'איז אמת אז נאך די „יונגע" זיינען איבערגעבליבן א שיין ביסל „לידער
און געדיכטע"־שרייבער. וואס זיינען געווען אינגאנצן פנימלאז, וואס
האבן מיט זיך גארנישט געבראכט און פון זיך גארנישט ארויסגעבראכט,
ווייסן מיר דאך אז זיי זיינען ביסלעכוויים פון זיך אליין צורונען געווארן.
און עס מאכט נישט אויס וואס אפילו פון יענער גווארדיע זיינען עטליכע
צוגעצויגן געווארן צו דער „גרויסער ארבייט" פון שאפן א נייע שולע, און
עס מאכט נישט אויס וואס די דאזיקע זיינען אין א צייט ארום ארויסגע־
ווארפן געווארן, ווייל דער קאפיי־עולם האט געמורמלט. און דער גרינדער
און באגרינדער פון דער געמאכטער־שולע איז תמיד אין שרעק געווען צו
בלייבן אין דער אליינקייט אין וועלכער ער איז ארויסגעווארפן געווארן:
פון דארט וואוהין ער האט זיך אמאל געשטופט, האט ער געארבעט מיט
„קאנאדע"

אלע כלים אז אין דער „שולע'' וואָס ער האָט געמאכט מיט די אייגענע
הענט, זאָלן זיין וואָס מער מתפללים. האָט מען צונויפגעשלעפּט א מנין
פון גרויסן ליטעראַרישן דרויסן און מ'האָט זיך געשטעלט דאַווענען. אפשר
דריי פון די דאַוונער האָבן געקאָנט פּאָעטישע עברי, די איבעריקע האָבן
זיך געשאָקלט און געוואַקלט און געפּלאַפּלט מאָדנע שירים ותשבחות אז
ס'האָט א פּנים געהאַט ווי אויף צו להכעיס... פּאָרט דער גרינדער קיין איי־
ראָפּא און גיט אָפּ זיין וואַזשנעם גרוס צו די קאָלעגן וועגן אמעריקע.
וועגן אונזער אויפּטו און וועגן דעם גוואַלדאַוונעם קאַמף וואָס ווערט דאָ
געפירט, האָט ער אויך אין זינען ניט צו איינרייסן זיך חלילה מיט קיינעם.
טיילט ער פאַנאַנדער די חברה דאָרטן און שטעלט זיי אויס אין ווינקעלאַך.
קיינעם ניט פאַרציילט און קיינעם ניט פאַרטיילט. ווייל אויך אין דעם
דאָזיקן גרוס פון אמעריקע, מיט זיין גאַנצן סוביעקטיוון קוראַזש, שטעקט
נעבאַך אַרויס א ציטערדיק קעפּעלע פון מורא. ס'איז יענע מורא וואָס
האָט אים וויזט אויס געצוואונגען אננעמען לאַנדוי'ן פאַרן מאָדערנסטן
פּאָעט. און אָפּרעדן וועגן אים א גאַנץ ארטיקל ביים טויטן־בעט פונם
„אין־זיך'', איי ס'האָט ניט געהאָלפן לאַנדוי איז אים מוחל געווען דעם
כבוד און אָפּגעשטופּט פון זיך די אויסגעשטרעקטע ציטערדיקע האַנט.
מילא, וועט מען פּריוון אַנדערע מיטלען. און ער האָט געפּרוּווט. האָט
שוין האַכט זיך געטון אַלץ אין דער וועלט, אָבער עס העלפט ניט. האָט
אַלעמען „אַנגענומען'' אָבער עס האָט זיך ניט אַנגענומען און ער איז ניט
אַנגענומען געוואָרן. איך דערוואַרט נאָך אפילו פון אים א קריגס־דרקלע-
רונג דער גאַנצער ליטעראַטור, כאָטש ער איז אן אמת הייסער אידישיסט.
און דאָס „וואָרט'' איז ביי אים אַלץ אין דער וועלט. וועגן דעם „וואָרט''
האָט ער שוין אויפגעגראָבן אַלע פלאַכסטע געדאַנקלאַך און אונז זיי דער־
ציילט מיט אן אַנשטעל פון א גרויסן פאַרשטייער. ס'איז דאָך אזוי טשי־
קאווע, אז סיי די לידער, סיי די ליטעראַטור אַרטיקלען קומען זיך צונויף
אין זייער פלאַכקייט און אומאונטערעסאַנטקייט. ער נעמט דאָך האַכט זיך
אָן גאָט און וועלט פאַר די פּיס און — די קונץ איבעראַשט ניט. עס צי־
טערט ניט קיין האָר פון אונזער ברעם און דער שניפּס ליגט אויסגעבונדן
גלייך און פיין און לייטיש און טוט זיך אפילו קיין באַוועג ניט. און נאָך:
צו זיכערן זיך כאָטש א וועלכן ס'איז אָנזען אין דער פּאָעזיע איז באַרייט
אָנצונעמען פאַר אַ מאָדערנעם אַזאַ אולטראַ־גראַמאַפאָן ווי דער פּאָעט
ש. קורץ. און דאָס שטיק בלעך וואָס רופט זיך „פיגאַראָ'', פאַר א ווערק
(גאָט מיינער־) נאָר עס העלפט ניט, פּונקט ווי עס האָט ניט געהאָלפן דאָס
זויערע זוהר־אַרטיקעל וואָס נ. מינקאָוו האָט וועגן דעם דאָזיקן ווערקל
אַרויסגעשאָסן. מעגליך, אז מינקאָוו האָט מיטן דאָזיקן אַרטיקל אין 1925,
געוואָלט טאַקע דערווייזן נאָך בולט'ר (צו וואָס נאָך קלאָרער מאַכן, אז
דאָס איז דאָס גראַמאָפאָנישסטע וואָס איז ווען עס איז אַרויס אין דער
וועלט) וואָס גראַמאָפאָניע איז. אז 'איז שווער אַרויצוקריכן צי מיינט
ער עס ערנסט... יעדעס וואָרט מאַכט עפּעס אַן איינדרוק ווי ער וואָלט גע־
לאַכט, געלאַכט פון דעם אייגענעם פּרעטענציעזן טאָן מיט וועלכן ער רעדט
וועגן „פיגאַראָ''... (אַך, פיגאַראַ, פיגאַראַ, וואָס מאַכן זי עפּעס?) און —
ס'העלפט אויך ניט. איך ווייס ניט פאַרוואָס איך האָב זיך אזוי ברייט־
פאַרשריבן וועגן דעם עניין לעיעלעם. נאָר איך בין זיך מודה: עס רייצט
מיך אביסל. עס רייצט און אינטריגירט, ווייל וויפיל די קאַפּיטשיקעס־קאָ־
לעגן זאָלן ניט מורמלען און בורבלען וועגן דעם טאַלאַנטלאָזן וואָס וויל
אַרויסנעמען בירגער-פּאַפּירן ביי אונז, איז נאָך האַכט זיך אָפּן ניט אַרויס־

געזאָגט געוואָרן דער אמת וועגן דעם ליגן וואָס האָט זיך אָנגעהויבן איינעסן
אין אונזער ליטעראַטור. און די לעצטע עטלאַכע יאָר האָט זיך אָנגעקליבן אַ
קליין ביסל האַרצוויייטיק, וואָלט איך געזאָגט ביים אמת'ן פּאָעט אויף דער
נשמה און ס'ווילט זיך אַביסל אַראָפּרעדן. ס'איז ענג געוואָרן און ס'ווילט זיך
פרייער אַן אָטעם טאָן. ס'איז אין דעם ניט ווייניק שולדיק די קריטיק און־
זערע, וואָס האָט אין אַ געוויסן זין פאַרזען זאַכן, וואָס האָבן געמוזט קלאָר
אויפגעלויכטן ווערן דורך איר. די גרעסטע שולד ליגט: אָבער אויף די פּאָר
דיכטער, וואָס זעען אַלץ צו און שווייגן. דאָ איז ניט קיין פראַגע פון זידלען
אָדער פּאָלעמיזירן מיט עמיצן, נאָר איינמאָל פאַר אַלעמאָל קלאָר אַרויס־
געזאָגט ווערן ווי מיר האַלטן און מיט וועמן מיר האַלטן זיך אין דער וועלט.
ס'איז פאַר יך די גרעסטע אומפאַרשטענדלאַכקייט דאָס, וואָס אַזאַ וויכ־
טיקער און עכטער פּאָעט ווי לייוויק קאָן פועל'ן ביי זיך אָנצונעמען אַלץ
פאַר גוט און ליב. פאַר כשר און ישר אין דער ליטעראַטור. איך פאַרגין
יעדן איינעם זיין ברייטקייט און ברייטהאַרציקייט, אָבער אין פאַל ווען מען
צופרייט זיך מיט קלומעקלאַך פון אַ חשד־כאַראַקטער אין די סאַלאָנס פון
קעניג ווי ביי זיך אין ווייגאָרטן. די אחריות צו דער ליטעראַטור פון וועלכע
מ'איז איינער פון אירע אויפבויער דאַרף זיין די טיפסטע און די ערליכסטע.
און מ'קען ניט באַרעכטיקן אַלץ צוליב ברייטהאַרציקייט־כונות. לייוויק איז
מיר באַקאַנט, איך קאָן זיין ערליכקייט און מיר איז ליב זיין אינערליכע
ברייטקייט און גרייטקייט צו באַגריסן יעדן אויפטו און יעדן אומרו און
יעדן נייעם גערודער אין אונזער ליטעראַטור. איך בין ווייט פון דער מינד־
סטער ווירקונג פון די פול שנאה'דיקע רייד און בייזוויליקייטן, וואָס זיינען
געוואָרן אַ צווייטער געלער רויך, וואָס וועבט זיך אַריין אינם גרויען,
אַרום די טישלאַך פון דער ליטעראַרישער קאַפע. נאָר ניט פאַרשטענדלאַך
איז מיר פּאָרט דאָס אָננעמען פאַר וואויל די אַלערליי זשורנאַלן און די
זאַכן, וואָס ווערן אין זיי געדרוקט. און אָננעמען פאַר גוט וויינפּערן ווי
ער איז. וויינפּער, וואָס האָט אָנגעהויבן ווי אַ דיכטער, זיך אָנשלאָגנדיק
אָן אַטאָן, האָט זיך ווייזט אויס באַלד דערזען, אַז ער זיצט אויף אַ מלוכה־
שטול און איז אַ פּאָעט! נו, וואָס דאַרף מען דען נאָך. ס'איז גאַנץ גענוג
פאַר אים, און אָט דער גענוג האָט געמאַכט פון וויינפּערן אַ פּעאיקן לידער־
שרייבער (שרייבער ניט — מייסטער!) און אַלץ וואָס ער שרייבט איז —
לידער... אָבער זעלטן אַ ניי פּאָעטיש וואָר וואָרט. פאַר די, וואָס שטעלן
צונויף כרעסטאָמאַטיעס איז עס אפשר אַ גוטער מאַטעריאַל, אָבער זיי,
די כרעסטאָמאַטיע מאַכער ווייסן נעבאָך ניט וואָס פּאָעזיע איז. און נעמען
דעם ענין ליטעראַטור פאַר גרינג דערצו לייכט און אויבערפלעכלאַך, נאָר
דאָס איז דאָך אַן אַנדער ענין. איך וויל זיך פון וועג ניט אַראָפּשלאָגן.
איז, חידוש'ט דאָך, ווי קאָן עס לייוויק מיט אַזאַ לייכט געמיט אָננעמען
פאַר ענטוויקלונג דאָס וואָס איז מעכאַניש־אויפגעבלאָזן. קאָן מען דען
אַזוי, מיר־ניט דיר־ניט, כאַפּן און — אַנטוויקלען זיך... דאָס איז דאָך
נאַטור און נאַטור־געזעץ פאַר זיך. די ליטעראַטור איז רויע ערד, און ערד
האָט געדולד. גרינט ניט און געלט ניט איידער די צייט קומט. דאָ העלפן
ניט קיין מרידות און רעוואָלוציעס. פאַרקערט, אפשר אין איר טיפער
איינגעשטילטקייט לעבט די ליטעראַטור דורך איר רעוואָלוציע. און דאַמאָלט
ווען עס טרומייטערט, אַז עס ברענט, עס פלאַקערט, ליגט זיך די ליטעראַטור
אין האַרטער פאַרגליווערטקייט און ווינטער. אפשר קאָן מען זי צוגראָבן
מיט העק און קברים־רידלען, אָבער קיין בליהונג וועט זי ניט אַרויסגעבן.
אונזער ליטעראַטור איז איצט נאָך אין איר פרילינג־זומער־צייט, און
וואויל צו די, וואָס טוען שטיל און געמיטליך זייער אינערליכן חוב. און

אַזעלכע האָבן מיר צווישן די, וואָס האָבן זיך אַביסל רעוואָלוציעוועט, אָבער ס'איז געווען בלויז אַ לפנים'דיקער זשעסט און אַן אַנגערעגטער דורך ריין אויסערליכע אורזאַכן. אין זייער שאַפן, אין זייערע לידער זיינען זיי — פּאָעטן, עכטע, אמת'ע און נייע. און אין זייערע לידער איז די קאָפּע נישטאָ. ניט קיין הויך, ניט קיין רויך פון איר. איז אַלגעמיין אָבער לעבט אין דער סביבה פון אונזער ליטעראַטור אַ צוטומלונג, שנאה און קנאה, דאָס עכטע מיטן אומעכטן פאַרווישן און ס'ווערט באַשאַפן אַ צינישע באַציאונג אפילו צום אייגענעם איך. צו דער אייגענער און צו אַ צווייטנס אַרבעט. מיר האָבן גענוג ותרנים און בעלנים אויף עצות געבן. אין דער פּרעסע ווערט הונדערטער מאָל וואַריאירט די טעמע וועגן אונזער קולטורעלן מצב און וואו מיר האַלטן אין דער וועלט, און די רפואות און רעצעפּטן, וואָס מ'גיט אונז זיינען נייניציק פּראָצענט בויך־סברה'דיק. איז דערפאַר אויך ניט שייך צו געבן עצות אָדער אויסוועגן ווי אַרום אַרויף אויפן דרך הישר. אונזער לעבן איז תמיד און איז איצט נאָך מער אין מאָדנע פּלאָנ־טערן און ספּעציפישקייטן, אַן אינערליך־עסנדיקער סם טליעט אין אונז. אַט דאַכט זיך, אַז עס קומט פאַר ביי אונז אַן אויפלעבונג. די מאָדערן־געשאַפענע קולטור אונזערע מיט אַלע אירע פאַרצווייגונגען, ערשיינט פאַר אונז ווי אַ נײַ ליכט אין אונזער לעבן, דאָס ליכט טוט אַ בליץ אָבער בלויז מיט אַ רגע'דיקער טרייסט, ווען מיר דערזעען דעם שוואַרצן שאָטן, וואָס שלעפּט זיך נאָך אַלץ, וואָס ווערט ביי אונז געבויט און געשאַפן. די, מיט יונגן כח און פלייס, וואָס שטייען ביי דער אַרבעט פון אונזער געזעלשאַפט־ליך־קולטורעל לעבן, מינטערן זיך אַליין אָבער עס ליגט זיי שטענדיק פאַרן אויג דער שטיין... דער שווערער שטיין, וואָס שטרויכלט אויף יעדן טריט און געביט פון אַרבעט. דער שטיין וואַקסט אַריבער די בנינים, וואָס ווערן אויסגעבויט און טויט אָפּ דעם מוט ווייטער צו בויען. אין אונזער ליטעראַטור איז שוין באַלד געקומען צו אַזאַ צושטאַנד. געווען אַמאָל שוין אַ צייט, דאַכט זיך, אַ קורצער, אַ דורכשוועבנדיקער מאָמענט ווען מ'האָט אַרויסגעגעבן ביכער, קלאַסישע, מאָדערנע, ווען עס איז גערעדט געוואָרן פון זעלבסטשטענדיקע ליטעראַרישע זשורנאַלן. מ'האָט גערופן אַוועקגיין פון דער צייטונג, וואָס איז אַ שונא פון אונזער גאַנצער אַרבעט און באַטראַכט אונזער ליטעראַטור און קונסט פאַר אַ בייז־וואונדער ערשיינונג; איצטער האָבן מיר כמעט ניט קיין איין גוטן זשורנאַל. עס זיינען דאָ ביי אונז אַזוינע, וואָס שטעלן זיך מיטן קלענסטן גרויסן. מ'בלאָזט זיך אָן, מ'מאַכט דעם אָנשטעל פון אַ רעווערענד אין דער ליטעראַטור. מ'גיט אַרויס זשורנאַלן מיטן גאַנצן צייטונגס־קלאַפּערגעצייג. מיטן נוסח פון די, וואָס זיינען ניט מער ווי צייטונגס־שרייער. מאָדנע, צייטנווייז האָט אויף מיר די קאָפּע געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ לעבעדיק געוואָרענע צייטונג מיט אַלע פּלאַכ־קייטן און וואַסעריקייטן, וואָס אין אַ צייטונג. מיטן גאַנצן שונד און רונד און רעדל, וואָס פירט איר אויף דער פּלאַך פון גאַסנמאַרק. און ווען איר וועט זיך גוט איינהערן צו די אַלע רעצענזיעס, צו די אַלע קריטישע אָפּ־האַנדלונגען און פּאָלעמיקעס וועט איר נאָך שטאַרקער דערשמעקן צייטונג, פּלאַך־פּעליטאָן און פּלאַך־זשורנאַליזם. דער גאַנץ מאָדנער זשעסט פון זישאַ לאַנדוי'ס פּאָלעמיק אין „אינזל", וואָס איז אָפּט נוחא צוליב אַ פיינעם קינסטלערישן איינפאַל, פאַרקריכט ער לאַנדוי, שוין צופיל אין זומפּ פון צייטונגס־פּאַמפּלעטיזם. אפילו דער נוסח און טאָן פון זיינע נאַטיצן זיינען צייטונגס־שטרויי. אַזוי שרייבן זיי דאָך אַלע, ליבער לאַנדוי, אַזוי גלאַט און אַזוי לויז און אַזוי אָן אינערליכער באַציאונג און אחריות. מילא, נו, איז טאַקע אַזאַ שרעקלאַכער מוז אייערע אָנפאַלן אויף ניגערן, און איבערהויפּט,

[illegible]

און מיר ווייסן שוין. צו וואָס זיך אַזוי שטאַרק זאָרגן, [illegible] דער „לעזער“ זאָל זיך שטאָפּן מיט דער ליטעראַרישער חכמה? נאָר ווער ווייסט, אפשר טוט עס לאַנדוי צוליב דעם ער זאָל האָבן פון וואָס צו לאַכן שפּעטער. ווייל אָפּטמאָל מאַכן לאַנדוי'ס חכמות דעם איינדרוק ווי ער וואָלט גע'חוזק'ט פון זיך אליין, באמת... די דרשה, וואָס ער האָט אָוועקגעלייגט אין „אינזל“ וועגן ביכער-לייענען און וועגן נייע דיכטער אונזערע און וועגן מאַיאַקאָווסקי'ן און ראַוויטש'ן וואָלטן געמעגט זיין אַביסל פיינער און איידעלער. און די וויצן וואָלטן געקאָנט גאַנץ נישקשה'דיק דערציילט ווערן אין „איראָפּאַ“ ביי אַ טישל. נאָר ס'איז דאָך פאַרפאַלן. מ'איז ביי אונז פאַרצייטונגט געוואָרן. און ס'איז אַרונטער די תמימות און חמימות פונם שיינעם אין וואָרט ביי אונז. דאָס נעמט זיך אויך דערפון, וואָס מ'האָט פאַרלאָרן דעם גלויבן אין זיך און אין דעם, וואָס מ'שאַפט. אַמאָל איז דאָס געווען אין צושטאַנד פון חלום, פון גיין, פון קומען און דערגרייכן, איצט אַז מ'האָט דערגרייכט... ווערט מען אָנגעבלאָזן פון זאַטקייט מיט זיך. פאַרגינט מען זיך שוין אין דער אייגענער צייט אַ לאַך טון פון די, וואָס לעבן נאָך און ווילן גאָר קיינמאָל ניט אַרויס פון דער אילוזיע. מאַכט מען פון אַ נאָמען אַ צונאָמען און פונם ערנסט אַ שפּאַס. און אין אַלע חכמה'דיקע אויפטוען פילט זיך אַ מין דערעסן זיך פון אייגענער שווערקייט צו לעבן אין אַ פּוסטקייט און ליידיקייט, דאַרף מען כאַטש אַ טאַנץ טון אין דער לופטן און אַ געשריי טון גאָט אין טאַטנס-טאַטן אַריין...

נחמיה סיגאַל

# אין שיין פון טאָג

זוניקע שטראַלן —
צונגען פון פלאַם,
ווי גאָלדענע וואַלן —
אַ פלאַמיקער ים.

אַ געלעגער מיט שטראַלן
שפּרייט זיך מיר אויס,
דרעמל איך איין
אין טאָגיקן שוים...

עס ברענט אַרום מיר
שטראַליקע שטרוי;
כ'שוועב אין די רויכן,
אין טאָגיקן בלוי.

# זומער

מיינע ברוינע אויגן,
לאָנקעס גרינע גראָז —
בלויע הימל-בויגן
וויגן זיך, אין שטילן ראָז.

סאַמעט גלאַטע טייכן,
ברעגעס געלע זאַמד;
ביי די ברעגעס שלייכן
פישעלאַך צום ראַנד.

ווערבעס דינע האָרכן
ביי די וואַסער ברעגעס,
מיט צווייגן-הענט צושאָרכן
שיין און שאָטן רגע'ס.

# לידער

1

איך שטיי אויף מיטן טאָג
און גיי אַוועק מיטן טאָג פון דער וועלט.
אויף מיר צאַנקט די שיין פון שלאָף,
פון א באַוואָרנטן סוף
מיט זון און קעלט.

וועבט דער טאָג די וועלט פון ליידן,
וועבט די נאַכט די וועלט פון פיין —
און די יאָרן וועבן וויגעלאַך פון טרויער
וויגן מיך צאַפּלדיק איין.

הויך און אומעטיק איז מיין ליכט,
טיף די שטילקייט אויף מיין געזיכט —
גראָב איך נאָך טיפער זיך איין
אין דער רונדער שטילקייט פון זיין.

קלינגט מיין קלאַנג,
זינגט מיין געזאַנג —
איך בין געשטאָרבן!

קלינגט מיין קלאַנג,
זינגט מיין געזאַנג —
איך בין געבאָרן!

2

גאָל און גאָלד שיינקט מיר דער טאָג,
די ערד איז גוט און בייז צו מיר —
איך פּרואוו דאָס אַלץ ניט אויפן וואָג,
איך גלויב מיין מזל ביי מיין טיר...

שטראָל נאָך שטראָל פון שיין און טאָג
קוואַלט די זון איבער מיין קאָפּ,
און די ווינטן ברענגען מיר דעם שלאָג,
וואָס ווארפט פון דער ערד אראָפּ.

טומל בּרייטער, פינסטערער אין שטויב
רעדט פון מיר טאָג נאָך טאָג ;
עס רעדט אין אים די געלע רויב,
ס׳רעדט מיין גורל אויף גאס און ראָג.

שטיינער קאָנען מיינע וועגן,
ווענט ווייסן וואו עס זאַמט מיין רו ;
אין מיין בּעט איז דער טויט געלעגן
און געזונגען : ליו-ליו-ליו, ליו-ליו-ליו — —

3

רייפע פעלדער מיט ווייץ און קאָרן,
דאָס בּרויט וואַקסט מיט פאַרשטאַנד ;
די ערד איז פול מיט יונגע יאָרן,
גרינט און שוימט פון שווארצן זאַמד.

*

מיט די ריחות פון דער ערד בּין איך געבּאָרן,
ווי דער גרינער בּוים, ווי די בּלויע פרוכט —
אין מיין גוף וואוינען פון דער ערד די יאָרן,
טויאיקע שוימיגע און זאַנפטיקן, לופטיקן צוכט.

ווי לופט איז דער טויט וואָס ווייט אין מיינע יאָרן,
ווי גרינער זומער, ווי ווייסער ווינטער, ווי גראָז און שניי—
מיט די בּוימער, מיט די פעלדער, מיט ווייץ און קאָרן
אָטעם איך אינם לופטיקן טויט, ווי בּלעטער און היי.

4

די וועלט אין גאָלדענע שיינען,
די גרינע בּוימער, די בּלויע פרוכטן,
אין אלטע פעסער — נייע וויינען —
עס איך, טרינק איך אַלץ — זאָל מיר דוכטן.

די וועלט איז פריילאך מיט אירע ;
איך האָבּ מיר מיין אייגענע פרייד...
אויף אַ שוואַרצער פען אַן אַ לירע
קלינגען פון ליבּע מיינע רייד.

מיינע רייד זיינען בּלויע שלאַנגען,
טרינקען פון מיר חלום און וואָר.

מײַן האַרץ איז פֿול מיט קלאַנגען
און זשומעט מיטן פּײַן אין כאָר.

מיט פּײַן אין כאָר און קלאָר
אין דער װעלט פֿון גאָלדענע שײַנען,
פֿירט מיך צו פֿרײד אויף װאָר
מײַן שװאַרצע פּען אין רויטע װײַנען.

5

רויטע װײַנען — װער װעט אײַך טרינקען?
װער װעט אין אײַער שײַן פֿאַרזינקען?
װער װעט יובלען מיט אײַך בײַ דער זינד,
בײַ װײַב, געזאַנג, װי אַ נאַכטיקער װינט?
איך בין אײביק ניכטער װי װײַסער בײַן,
איך בײַס אײַן מיט מײַנע הײסע צײַן
דאָס קראַנקע לײַב, װאָס איז מיר ליב,
װאָס בײַנקט און פֿול מיט װײטיקן טריב
צו מיר געקומען נערן און מערן פֿרײד
אין פּרוכפּערדיגער אומרו, אין פּײַן און לײד...

פֿון אונזער לײד איז שוין געבאָרן די שײַן.
אין אונזער פּנים שפּילט רויטער װײַן —
מיר לײַטערן זיך אין אונזער זינד,
װי זשאַר פֿלאַמט אונז אויף דער װינט;
און מיר ברענען װי בוימער אין פֿרײד,
מיר העלן װי ודוי־געזאַנג פֿאַרן טויט —
אײנער צום אַנדערן, לײַב צו לײַב,
טאַטע צו מאַמע, מאַן צו װײַב —
רויטע װײַנען — איך האָב אײַך געטרונקען,
איך בין אין אײַער שײַן פֿאַרזונקען!...

6

איך זיג אין קריג איבער זיך.
איך צובלוטיק אלײן מײַן נשמה;
פֿלאַטערט שוין רויט מיט פֿולער נקמה
מײַן געביין, און דערהויבט מיך.

איך זיגל אויף אלע מײַנע טאַטן.
איך באַפֿרײַ מײַן פּנים פֿון מורא;
אין דער בלוטיקער װעלט פֿון גלאָריע
װעל איך מײַן שטאָם ניט פֿאַרראַטן!

מיט מיין אומרואיק לעבן פאַך איך,
ווי מיט א שווערד — רעכטס — לינקס —
אין חלום זע איך דעם ספינקס
פון די אמהות וואָס בענטש מיך...

אין מיין היים איז אייביקער קריג,
און מיין לאנד פון דער ווייטן ברענט;
כ'האָב אין דער ערד אריינגעטון מיינע הענט־
און גראָב מיין וועג צום זיג...

7

עס איז אזוי פון אייביג אָן —
איך מוז זיין אליין מאן האר...
אויף דער ערד בין איך אין קאָן —
עס לויערט אויף מיר אַ געפאַר —
איך מוז זיין אליין מיין האר...

פאלט מיין טרויער ,שטייגט די פרייד —
דויער, דויער — גרייט פאר טויט!
ביי דער וועלט אין העלן שייד
בין איך אייביק ווי די פרייד —
דויער, דויער — גרייט פאר טויט!

אזוי איז פון אייביק מיין גזר —
איך מוז זיין אליין מיין האר...

8

פון רו אין רו, פון וואנט צו וואנט —
דער טאָג שטייט פארמויערט אין גאַסן,
און אין אַ חלום זומערט דאָס לאנד,
אין מידן שלאָף גראָען די מאַסן.

גלאקן קלינגען, קלאנגען שפרינגען,
דער קלאַנג איז גראָב און רוי, דער נגון — גרוי.
אין די שולן־קלויסטערס פרומע זינגען
צום אַלטן־יונגן גאָט און צו דער יונג־פרוי.
היינט איז שבת־זונטיק־טאָג פון דער וואָך,
פול מיט ווייכע רו, מיט שטילן, טיפן בראָך.

היי! וואָך פון ארבעט, פון גרויס געדריי!
עס יאָגט היינט דורך די יאָך, די נויט, דער ווײ!
פון הימל פאַלט אַ דינער, גאָלדענער שפּריי,
ווי די רו־שעה׳ן בײַ מיין זייט אין איין רײַ.

פון פעלדער־וועלדער, פון גראָזן־בלומען,
די ריחות פליסן פריי אין שטאָדט אין דעם טאָג;
די הימלען ווייסע, בלויע, גרינע קומען, קומען,
דער יום טוב היפּט הויך פון ראָג צו ראָג.

און מיר גילט אלץ די וואָך פון פילע ראַנגען
פון ארבעט, פון שוויים, פון פאַרלאַנגען —
איך שמיד אין ארבעט מיינע אייגענע קלאַנגען,
צינד זיי אין פייער און ווארפ זיי ווי זאנגען.

9

איך וועל אויפשטעלן מיין געזאנג,
ווי אַ קרייז פון ליכטיקע שטערן;
איך וועל מיין יעדן וואָרט און ליד געהערן,
ווי מיין אויפגייענדיקן געדאנק.

מיין ליד פון וואָרטיקן וויין
זעטיקט זיך אין הארץ פון מיין בלוט,
טרינקט אויס דעם סם פון פּיין,
העלט אויף אין ליכטיקייט, אין מוט.

עס איז מיין קלאָרע שפּירן פון זיין
אין די טריט פון מיין ליד און געדאנק —
דער סוף פון מיין גוף טוט מיר באַנק
אינם קרייז פון גאָלדענעם, זילבערנעם שיין.

עס פרוכפּערט זיך שוין מיין געזאנג,
מאכט קרייזן פון שטערן צו שטערן;
איך וועל אייביק מיין ליד הערן און געהערן,
ווי דאָס וואָרט מיין בלייבנדיקן געדאנק.

פעסיע כהנא*)

# ה. לייוויק **)

.2

און ווי צופעליק לייוויק איז אריין אין טורמע, אזוי צופעליק האָבן אים די קריטיקער (ב. ריווקין, ש. ניגער, פּרץ מאַרקיש און אנדערע) פאַרשלעפּט אויף משיח'ס טראָן און געזאָגט: זיי א דערלייזער! צופעליק—ווייל א חוץ די דריי לידער, וועלכע געפינען זיך צווישן זייטל 9 און 16 אין ערשטן בוך, איז נישטאָ קיין דערלייזונג אויף א רפואה.

אין ערשטן ליד זאָגט ער: „עפּעס גרויסעס, וואונדערלאכעס וועט פון לײדן קומען און איך דער ערשטער, וועל דערזען דאָס וואונדערלאכעס, גרויסעס, און אנזאָגן דעם ליכטיקן פרימאָרגן.”

דאָס צווייטע ליד: „א מאָך טאָן מיט'ן האַנט וועל איך געבן וועט יעדער דערפילן עס ווערן אים אָפּען די אויגן. וועט קוים נאָר א זאָג טאָן, א, זעט נאָר ער איז שוין געקומען.”

דאָס דריטע ליד : „איך ווייס אין יעדנס האַרץ איז דאָ א ליכטינקייט. א שיין, האָסט נאָר געדאַרפט דער ערשטער זיין און אויפוועקן ביי זיי א ליכטיגקייט, א שיין.”

דאָס אלץ. דערנאָך לייענט לייוויק אויף זייטל 32 אליין אָפּ די דריי לידער.

„יע, ווייט איז די שעה, וואָס דאַרף קומען,<br>
די שעה פון ערלייזונג און טרייסט;<br>
דער טרויער וואָס איך האָב פארנומען,<br>
האָט מיך נאָך אליין נישט ערלייזט.”

פאַרוואָס זשע זאָל מען אָבער איין פערז גלויבן מער ווי דריי לידער? איז עס ווייל די האָפנונג און גלויבן פון די דריי לידער חזר'ט זיך מער נישט איבער אין קיין ליד פון גאנצן בוך, און אויף זייטל 41, פאַלט שוין לייוויק נאָר אריין אין א הינער־פלעט צושטאַנד צווישן לעבן און טויט, וואָס האַלט אָן אין גאנצן בוך און אויך אין שפּעטערדיקן שאַפן. קען א מענש אין אזא צושטאַנד טראָגן דערלייזונג? ליד: „די שויבן פארמויערט” לעצטע צוויי פערזן :

„האָב אלץ שוין פארגעסן,<br>
פון זיך בין איך ווייט;<br>
ווער ווייס, אפשר האָט מען<br>
מיך לאנג שוין באפרייט ?...<br>
און אפשר געשטאָרבן

---

*) זע „קאַנאַדע” נומ. 2.

**) קאָלעגין פּעסיע כהנא זאָגט אַרויס אין דעם אַרטיקל אַ פּאָר אויפריכטיקע געדאַנקען וועגן ה. לייוויקן פון אַ פּסיכאָלאָגיש־טרעפלאכן זין, און פאַרזעט דעם קינסטלער אין לייוויקן. לייוויק איז ביי אונז אַ פּראָבלעם און נאָר אינם קינסטלערישן אַנאַליז ווערט ער אונז קלאָרער. — רעד.

בין איך, און ביים מיר
דאָס לעמפּל ברענט יאָר־צייט,
ברענט יאָר־צייט נאָך מיר?"...

און אויב אפילו לייוויק איז נאָך נישט געשטאָרבן, בעט ער אויך מ'זאָל אים צורו לאָזן: „שלאָפט דאָ לייוויק ערגעץ וואו?" ענטפערט ער: „לאָזט שוין לייוויק'ן צורו." שטערט אים נישט זיין הינער־פּלעט. און אָט דאכט זיך אים שוין ווידער אז ער איז טויט.

„מיר דוכט זיך פּלוצלינג אויס:
מיר שלעפּן נאָך א דריטן; —
אַזוי ווי איך אליין
וואָלט ליגן טויט אין שליטן..."

אין אן אנדער ליד איז ער א מצבה וואָס הילט זיך אין ווייסן און רויט: און אָט איז ער דאכט זיך ווידער אמאָל געשטאָרבן." דורך די שויבן קוקט זיך דורך א געשטאָרבענער געזיכט, — זאָל עס דען אליין איך זיין?

און אָט איז דאָס לעצטע ליד אין בוך אויף זייטל 183. לייוויק איז מסתמא דורך עפּעס א נס אָדער עפּעס א כשוף ארויס פון הינער־פּלעט און:

„איבער מיר גייט אויף א רעגנבויגן, —
דער טייך, וואָס פירט צו מיין געהיימען לאנד;
דעם זעגל אויף מיין שיף האָב איך שוין אָנגעצויגן
האָב וועסלעס זיבנפארביקע אין האנט;
דער וועג אהין שטראלט דורך דורך מיינע אויגן,
און בויגיק איז דער ארעם פון מיין האנט;
נאָך איידער עס פארגייט דער רעגנבויגן
דערגרייך איך צו די ברעגן פון מיין לאנד.
פארגאנגען איז שוין לאנג דער רעגנבויגן
איך ווארף אוועק די וועסלעס פון מיין האנט
מיט זיבן טויטע פארבן אין די אויגן
געפאנגען ליג איך אין מיין אייגן־לאנד.

וואָס קען דאָ זיין? לייוויק האָט זיך אויפגעהויבן פון הינער־פּלעט מיט אזא גלויבן און קראפט: „דער וועג אהין שטראלט דורך דורך מיינע אויגן און בויגיק איז דער ארעם פון מיין האנט." און ער האָט געקענט אויס־האלטן בלויז צוויי פערזן און ווידער מיט „זיבן טויטע פארבן אין די אויגן געפאנגען ליג איך אין מיין אייגן־לאנד."

אָדער האָט דאָ לייוויק געוואָלט דערוויזן, אז נישט דערפאר איז ער נישט אויסגעלייזט, ווייל ער האָט נישט קיין מוט און קראפט דערצו, נאָר דערפאר, ווייל עס איז נישטאָ קיין דערלייזונג. עס איז נישטאָ וואוהין צו גיין, עס לוינט זיך נישט צו זיין מוטיק און גלויביק, ווייל קומט מען אין אייגן־לאנד, בלייבט מען ערשט ליגן מיט טויטע פארבן אין די אויגן. אויב אזוי, איז דאָך אודאי נישטאָ וואָס צו רעדן וועגן דערלייזונג.

עס גלויבט זיך נישט, אז איינער וואָס ליגט אין הינער־פּלעט זאָל קענעי־טראָגן דערלייזונג. ליגט דאָך אפילו נישט דער דערלייזער אין לייוויק'ס גולם אין הינער־פּלעט, נאָר פונקט פארקערט: ער איז אזוי אומרואיק און אזוי אומגעדולדיק, אז ער קומט אזש פאר'ן רוף און פאר דער צייט.

אויב ער קומט דערנאָך אין הייל ווארט אויפ'ן טויט, איז עס דאָך ערשט נאָך דעם, וואָס ער האָט שוין אפּגעטאָן זיין „שליחות."

אָדער אפשר איז דאָס אַלץ ביי לייוויקען אַ מדרגה פון טראַגיק. פון טראַגיק? אָבער — — —

„אויפ'ן זאַמד אין מיטן וועג
ליג איך אויסגעצויגן;
ווייסער שיין, לבנה־שיין
לייכט מיר דורך די אויגן
צוגעוואַקסן צו דער ערד
ווי מיין האַרץ צום טרויער;
דרייט זיך איינער אַרום מיר (ווער איז דער איינער?)
טרייסט מיך ניט באַדויער."

דאָס איז נישט קיין מדרגה פון אַ טראַגיקער, נאָר אַ צושטאַנד פון אַפּאַטיע. ליגן אויסגעצויגן און נישט באַדויערן, און אַט דער אַפּאַטישער טאָן איז דער הויפּט־טאָן אין זיינע לידער. אַפּאַטיע, נישט יאוש און נישט טרויער, נאָר גלאַט אַפּאַטיע. „טויטער שיין, לבנה־שיין!"
און אַטווייט ליד:

„קאַלטע שטראַלען ציען זיך פון שטויב,
גיסן אין מיין האַרץ מיט קאַלטע רו,
גליקלאַך זיין איז גוט און ניט זיין — אויך,
בעסער נאָך פון אַלץ — מיין קאַלטע רו."

ווי קען נאָך אַ וואָרט קלינגען מער אַפּאַטיש ווי דאָס וואָרט „קאַלטע רו"?

„בעסער נאָך פון אַלץ — מיין קאַלטע רו."
און אַט איז טאַקע די אורזאַכע פאַר וואָס לייוויק איז אַזוי אַפּאַטיש.
„איך טראָג די טאָרבע
און ער — מיין האַרץ"...

אַז ער טראָגט מיין האַרץ, ווי קען איך טאַקע פילן טרויער, צו פרייד, צי וועלכן נישט איז געפיל; אַז מיין האַרץ איז נישט אונטערן לייב־צודעקל?

אַפּאַטיע!

„איך זיץ מיט פאַרשלאָסענע אויגן
און קען אַזוי זיצן ביז נאַכט.
וויל עמיצער קומען — טאָ זאָל ער!
איך האַלט ניט די טירן פאַרמאַכט...
איך בין ניט אַנטלאָפן פון מענטשן,
און יעדער אַ גאַסט איז ביי מיר
אין צימער געננוג איז דאָ שטולן
און ווינקלען, ווי אומעדום, פיר...
קען ער — אָדער זי — אין אַ ווינקל
זיך זיצן מיט אויגן פאַרמאַכט,
קיין איינציקן וואָרט נישט דערמאָנען
און שווייגן ביז טיף אין דער נאַכט"...

דאָס זעט נאָר אויס ווי אַ ספּירימואַליסטישער סעאַנס. נישט אומזיסט געפעלט אַזוי לייוויק ריוּוקינען.

איך זיץ מיט פארשלאָסענע אויגן און וועט אימיצער קומען ווייל די טירן זיינען נישט פארמאכט, טאָ זאָל ער! און אויך זיצן מיט פארמאכטע אויגן ביז טיף אין דער נאכט. און נאָך אזוי גלייכגילטיק, אז ס'איז שוין גאָר נישט קיין חלוק אפילו „א ער אדער א זי."

זייטל 63 ליד „ווייל אלע גייען." דריטער פערז:

„וויל איך אויך אוועק אין גאַס,
גיין, ווייל אַלע גייען,
קיינעם צו דערצערנען
קיינעם צו דערפרייען...

(אזוי גלאַט גיין אין דער וועלט אריין). און אט דער צושטאנד פון אפאטיע דערגייט ביז קאמישקייט. אין ליד פון פארגיין (64) זאָגט ער:

„האָבן מיר דעם טאָג געטרויערט,
דארפן מיר איצט רואיק זיין...
זע, ווי מיר פארמאכט די אויגן
דער פאָרגייענדיקער שיין...
האָבן מיר דעם טאָג געטרויערט,
דארפן מיר איצט רואיק זיין"...

וואָס איז דאָס תשעה־באב וואָס מ'דארף אפטרויערן דעם טאָג און אויף דער נאכט צוריק אַנטאָן די שיך און ווערן רואיג? ער האָט זיך שוין זיינס אפגעטרויערט און מער קען ער נישט און ער האָפט שוין בלויז, אז:

„נאָך א רגע, נאָך א רגע
וועלן מיר שוין ווייט אויך זיין, —
ווייט וואו רוען איז געגאנגען
דער פארגייענדיקער שיין"...

און ער האָט זיך טאקע דערוואַרט:

„מיר דוכט זיך פּלוצים אוים:
מיר שלעפן נאָך א דריטן, —
אזוי ווי איך אליין
וואַלט ליגן טויט אין שליטן"...

און טאקע דערפאר האָט לייוויק 39 לידער אין בוך אין וועלכע עס איז פאראַן אָדער דאָס וואָרט שטארבן אָדער דאָס וואָרט טויט.

טרויער־טראַגיזם איז נישט טויט. טרויער איז פּונקט אזוי לעבן ווי עס איז פרייד און האָפנונג און גלויבן און נישט גלויבן. גלייכגילטיגקייט, אפּאַטיע, נישט פילן איז טויט. א ביישפּיל הארויף איז טאקע לייוויק אליין: און עס איז געווען אין די צייטן ווען לייוויק האָט זיך נאָך נישט געהאט צוגענומען קיין געהילף נאכצוטראָגן אים דאָס הארץ ווי א דאמע דעם שלעפּ. האָט ער געשריבן א ליד פון טרויער, און אליד פון גליק, און א ליד פון האָפנונג, און א ליד פון גלויבן און אפילו די ליד פון דערלייזונג. און דאָס איז ווייל ער האָט נאָך געקענט פילן אין יענע צייטן; ער האָט נאָך געהאַט דאָס הארץ. און אז א מענש קען פילן, קען ער אַלץ פילן. ליידט, פרייט ער זיך, איז ער איבערהויפּט א מענש מיט ניואנסן.

עס קען פּאסירן, אז א טראַגיקער זאָל זיך א חבר טאָן מיט'ן טויט.

נאָכמער, ער זאָל זיך מאַכן דעם טויט. דאָס איז שוין אָבער א גאַנץ אַנדער טויט, א גאַנץ אַנדער מדרגה. און אויב א טראַגיקער נעמט זיך דאָס לעבן אין עפּעס א טראַגעדיע, איז עס נישט דערפאַר, ווייל ער וויל זיין טויט. נאָר ווייל ער וויל לעבן און עס לעבט זיך נישט לויט זיין ווילן. און ווען ער נעמט זיך דאָס לעבן איז דאָס בלויז די העכסטע שטופע פון איבערלעבונגען, פון ליידן, וועלכע האָבן זיך ביי אים אויסגעדריקט אין דעם אקט. וואָלט ער אין דעם מאָמענט זיך אָבער נישט גענומען דאָס לעבן, וואָלט ער נאָך איבערגעלעבט גענוג פרייד. לייוויק אָבער, שיסט זיך נישט און דערלעבט זיך אויך קיין פרייד נישט. ער שוועבט גלאַט אזוי צווישן לעבן און טויט, אין הינער־פּלעט.

ניין, נישט טראַגיש איז ער! דאָס איז נישט קיין טראַגיק, ווייל טראַגיק איז קאַמף, טראַגיק איז אומפּייאיק צוצופּאַסן זיך. דאָס איז רעזיגנאַציע, דאָס איז צופּאַסן זיך צו די אומשטענדן און לעבן און דרימלען, „חלום׳ן מיט פאַרמאַכטע אויגן,” אָדער אזוי ליגן אין „קאַלטער רו”...

וואָס זשע איז אָבער די אורזאַכע וואָס לייוויק איז אזוי מיט׳ן קאָפּאַראָפּ אריין אין טויטן ים פון אַפּאַטיע? און וואָס איז דער חלק פון אים ביז א טראַגיקער?

זייטל 33 ליד „די נאַכט איז פינסטער.”

„די נאַכט איז פינסטער
און איך בין בלינד.”

דערפאַר איז לייוויק אַפּאַטיש, ווייל ער איז בלינד. אַט דאָס איז דער חלוק פון אים צום טראַגיקער: ביי לייוויק׳ן איז די נאַכט פינסטער, ווייל ער איז בלינד און ביים טראַגיקער איז טאַקע די נאַכט פינסטער: ער אליין אָבער איז נישט בלינד, ווייל ווען ער איז בלינד וואָלט ער דאָך נישט געזען אַז די נאַכט איז פינסטער.

דערפאַר ווייל לייוויק איז בלינד, איז ביי אים אזא דוחק אין נאַטור בילדער. ווי באַגעגנט מען נישט איבערלייענענדיק א גאַנץ בוך עפּעס א גרעזעלע, א בלימעלע, א בוימעלע, א בערגל, א טייכל? און דאָס איינציקע ליד אין בוך, וואָס הייסט שוין „ווי שטיל אויף די סטעפּעס,” איז אויך נישט קיין בילד פון די סטעפּעס, נאָר אַן אימפּרעסיע פון די סטעפּעס, און א ספּעציפיש לייוויק אימפּרעסיע.

„שטיל אויף די סטעפּעס.”
„שטיל אויף די סטעפּעס בוראַטישע
עס שלאָפט נאָך דער אָפּגאָט פון פרי;
עס זיצט זיך א פּאַסטוך אין איינזאַמער
געבויגן דעם קאָפּ אויף די קני.
זיין פּנים א געלער א מעשענער,
צעשוואָומען דער נאָז אין דער ברייט,
די אויגן אין שטערן פאַרזונקענע,
די ליפּן האַלב שוואַרץ און האַלב רויט
עס שיטן פאַנאַנדער די שעפּסן זיך
אין אַלע פיר זייטן אַרום,
דאָס אַרט נישט דעם פּאַסטוך דעם איינזאַמען,
ער זיצט זיך פאַרדרימלט און שטום.
און הויבט ער אָן זינגען, — דערשרעקן זיך

פאר אים זיינע אייגענע פיה,
ווערט ווידער אנשטימט א פארשלאָפענער,
פארוואָרפן דעם קאָפּ אויף די קני.״

אז פאר׳ן פּאסטוכ׳ס זינגען דערשרעקן זיך זיינע אייגענע פיה, וואו איז זיין לעבן, מיט וואס איז ער פארבונדן אויף דער וועלט? ווערט ער טאקע ,,ווי־דער אנשטומט א פארשלאָפענער, פארוואָרפן דעם קאָפּ אויף די קני...״

טייטשן אלע וואס רעדן וועגן ליוויק׳ן, אז דאס האט סיביר אזוי גע־ווירקט אויף ליוויק׳ן. מיט וואס זשע קענען זיי ערוב זיין אז די אוקראַי־נער סטעפּעס וואָלטן געמאכט אויף אים אנאנדער אימפּרעסיע?

זאגט דאך ניטשע ,,א קראנקער האט נישט קיין רעכט צו זיין א פּע־סימיסט.״ און ווירקלאך, אז א קראנקער אדער אזוי אן אומגליקלאכער איז א פּעסימיסט, רעכנט מען דאס אלץ צו דער קראנקהייט אדער דעם אומ־גליק. דאָס איז אויך דער פאל מיט ליוויק׳ן. עס פארגעסט נישט קיין איינער וואס שרייבט וועגן ליוויקן, אז ליוויק איז געווען אין סיביר. האט דאך סערוואַנטעס אנגעשריבן דאן קיכאָט אין טורמע. מיינט דאס פּשוט. אז סערוואנטעס פּלוס טורמע איז דאן קיכאָט און ליוויק פּלוס טורמע איז שטיל אויף די סטעפּעס. ,

דארף מען דעריבער נישט פארגעסן אז אין טורמע קען מען אויך אנשרייבן דאן קיכאָט. און אויב ליוויק האט אנגעשריבן ,,שטיל אויף די סטעפּעס,״ איז די הויפּט אורזאכע—ליוויק. ווייל אויב ער זאל געווען אנ־שרייבן דאן קיכאָט, וואָלט אויך די הויפּט אורזאכע געווען ליוויק און נישט די טורמע.

ווייל ליוויק איז אין הינער־פּלעט, איז ער נישט עראטיש. און אפשר איז ליוויק׳ס ליבע אויך פארפרוירן געוואָרן אין סיביר, וואס ער דארף בלויז ,,שאטן־רו פאר צוויי?״ אדער אפשר חלומ׳ן זיך אים בלויז די לידער ווען ער ליגט אין הינער־פּלעט אין ,,קאלטער רו״? ,,איך בין אריין צו דיר אין צימער אויף א מינוט און מיט אלע שאטענס אפּגערוט.״ פון וואס אי: ער אזוי מיד וואס ער דארף אזוי פיל רוען? פונקט ווי ליוויק דערגייט ביז לעבערלאכקייט אין זיין אפּאטיע, אזוי דערגייט ער אויך ביז לעבער־לאכקייט אין זיינע ליבע־לידער. (אין ליד ,,לעבערלאך״). אט זיצט ער גאר ביי דער געליבטער און שפּילט זיך מיט א מעסער. און אז א מיידל שטרעקט צו אים אויס די הענט, מיינט ער, אז זי זעגנט זיך גאר:

,,שטרעקסטו אויס די הענט צו מיר
פינגער — ווייס און דין,
מיין איך אז דו זעגנסט זיך —
גולם וואס איך בין.״

דערמיט וואס ער גיט אליין צו, אז ער איז לעבערלאך, לייזט ער נאך נישט אויס די לעבערלאכקייט.

נאר אט געשעט עס פּונקט ווי ליוויק פארט זיך אזוי אליין מיט׳ן פערדל. דוקא אין פרעסט און אין שנייען ערשט ,,גלעקלאך קלינגען ערגעץ ווייט.״ עס לויפט אים נאך א באקאנטע מיידל:

,,גיב איך מיר א כאפּ צו זיך
און דעם פערד א יאָג,
העי, מיר פליען מייל נאך מייל
ביז עס שטאַרבט דער טאָג.״

פון דעסטוועגן, שטארבט דער טאָג ווי אַלע טעג פון א גאַנץ יאָר. זאָגט מען דאָך אין גאָט פון אברהם ,,דער ליבער שבת קדש גייט אהין.'' וואָלט מען אויף א טאָג אין וועלכן ס'געשעט אזאַ נס: גלאַט א באַקאַנטע מיידל זאָל קומען צולויפן צו א בחור וואָס שלעפּט זיך אַרום אין אַזוינע גרויסע שנייען און פרעסט און זיך לאָזן מיט אים אין אזאַ שווערן וועג אַריין, אויך געמעגט זאָגן: דער ליבער, טייערער טאָג גייט אהין. און אָט ציען זיך די בלעטלאַך ווייטער און מיר דערלעבן זיך פון לייוויק'ן נחת. און אויב די ליפּן ווערן פאַרטרוקנט און די אויגן פאַרמאַכט, גלייך נאָכדעם, ווי זי זאָגט אים ,,איך וועל זיין דיין פרוי,'' אַרט עס אונז אויך ווייניק, ווייל מילא. אזוי גייט די וועלט.

אָבער אזאַ ליד ווי ,,נאַר'' רעגט אונז אויף:

,,האָב איך זיך אליין ניט אָפּגענאַרט<br>אין מיטן נאַכט<br>גלעקלאַך, מיידלאַך, קאַלטן ווינט<br>זיך אויסגעטראַכט.<br>ווער־ווען ווועט עס איינפאַלן<br>די נאַכט אליין<br>מיך אין וועג באַגעגענען<br>זיך לאָזן גיין ?<br>גלעקלאַך קלינגען ? יע, איך זע<br>א בויד ניט ווייט, —<br>מיר אנטקעגן קומען אָן<br>ציגיינער־לייט...

ע, פע, אָפּלייקענען דאָס, איז נישט שיין. האָבן מיר דאָך אליין געהאַט א חשד אז עס קען נישט זיין עס זאָל גלאַט א באַקאַנטע מיידל נאָכלויפן א בחור אין פראָסט און אין שניי.

מ'קען נישט אָפּלייקענען קיין געשעענישן און איבערלעבונגען, זאָלן זיי אפילו נאָר געווען זיין אין דער פאַנטאַזיע. האָב איך זיי איבערגעלעבט. זיינען זיי געשען און פאַרפאַלן.

וואָס איז דאָס גלאַט א טבע צו לייקענען ? געזאָגט: איך בין א דער־לייזער און שוין אָפּגעלייקענט. געזאָגט: איך האָב ליבע און פרייד און שוין אָפּגעלייקענט. ווער וועט דאָס איצט גלויבן דעם נייעם פּזמון:

,,גלעקלאַך קלינגען ? יע, איך זע<br>א בויד ניט ווייט, —<br>מיר אנטקעגן קומען אָן<br>ציגיינער־לייט...

אפשר וועט ער ווייטער מיט עטלאָכע בלעטלאָך דאָס אויך אָפּלייקענען ?

מיר וואָלטן אָבער א קינסטלער יאָ מוחל געווען ער זאָל זיך אָפּלייקענען. ווען זיין לייקענען איז ביי אים א קינסטלערישער מאַניער אזאַ, א קינסט־לעריש חן־דל אזאַ, אן אומשולדיקס.

אין אזאַ פאַל ווילט זיך אויפ'ן לייקענען זאָגן: ס'וועט דיר, טייערינ־קער, גאָר נישט העלפן. אָפּגעטאָן, איז פאַרפאַלן. לייוויק'ן קען מען עס אָבער נישט מוחל זיין ווייל ווי נאָר מ'דערזעט אז ער לייקענט, כאַפּט מען שוין אונטער: אהאַ, איך האָב פריער געוואוסט אז ס'איז אויסגעטראַכט.

אַפּאַטיע איז נישט קיין גרויסע מזל־ברכה פאַר א דיכטער און פון

ליגן טויט אין שליטן קען מען אויך ווייניק באשאפן. נאר גאט האט געקענט באשאפן א וועלט און אליין זיין און בלייבן גארנישט. א מענש אויף צו קענען שאפן, מוז קודם כל אליין זיין.

וואס עס מוז אומבאדינגט ארויסוואקסן פון בלינדקייט (פון הילפלאזיג־קייט און אפהענגיקייט איז שרעק. מיר דוכט, אז עס גייט א בלינדער, ווייזט זיך אים אלץ אויס, אז די וועלט פאלט אויף אים ארויף. און עס מוז זיך אים אויך אויסווייזן, אז ער שלאגט זיך אלץ אן עפעס אן. עס איז א גליס וואס לייוויק האט זיך צו דער שרעק נישט צוגעוואוינט און צוגעפאסט לויט זיין געוואוינהייט, זיך צוצופאסן, ווייל אט די שרעק איז דאס איינציקע. וואס האט זיך דורכגעשפארט דורך דער דיקער שאלעכץ פון גלייכגיל־טיגקייט.

האט דאך לייוויק ענדלאך א ליד „אומרו". פון וואס זשע איז געבארן געווארן די אומרו? „אין דער טיפעניש פון נאכט בין איך איינזאם און אליין. ווייל איך לויפן זיך באהאלטן פון דער וועלט פון זיך אליין." אפילו פאר זיך אליין האט ער מורא און אפשר פאר זיך אליין נאך מער ווי פאר אנדערע:

„פאר די שכנים האב איך מורא און נאך מער פאר זיך אליין." און אט פאר וואס דער וועכטער נעמט לייוויק'ן שלאגן. ווייל „אויפ'ן וועכטער פאלט אן אימה" ווייל „אימה" איז דאס איינציקע וואס לייוויק קען באַ־נעמען. אט זיצט ער דאך מיט זיין געליבטער אויך פאר די הענט זיך האל־טנדיק דערשראקענע.

רוקט זיך פון צווישן די בלעטלאך פון אפאטיע און טויט ארויס אז „אימה" און אט די אימה שלעפט ענדלאך לייוויק'ן ארויס פון זיין „קאלטער רו" און ברענגט אים די „אומרו."

און אט די אפהענגיקייט און שרעק לייוויקס האט צוגעצויגן צו זיך דאס אפהענדיקסטע און שרעקעדיקסטע באשעפעניש: דעם גולם.

# „דער ווייסער רייטער"

א בוך לידער פון נפתלי גראס, ארויסגעגעבן פון פארלאג „אמעריקע" נו יארק, 1925.

ווייסער רייטער דורך דער וועלט,
טראג מיך ווילד פון פעלד צו פעלד,
טראג מיך ווילדער אין גאלאפ,
שטעל אינערגעץ זיך נישט אפ.

ווייסער רייטער, ווייסע פרייד,
זע, פאר אונז איז אלץ פארשפרייט:
דורך די בערג און דורך דער בלוי
איז צו פליען וואויל אזוי.

ווייסער רייטער, פלי, מיין פרייד,
ווייל וועט זיין פאר זאלבעצווייט,

קוים האָסטו זיך אָפּגעשטעלט —
שטעלט זיך אָפּ מיין גאַנצע וועלט.

דער ווייסער רייטער האָט דעם דיכטער ניט מיטגענומען אויף זיין וועג דורך דער וועלט. עס חלומ'ט זיך אים אַז ער פליט, און אויך דער חלום מינטערט אים גלויבן אַזוי. און אין די הויכע וועגנס פון דער סער שטאָט, וואו עס פאַרמט זיך ניי און נייערער געזאַנג מיט א דרייסטן שוואונג פון נעביטענע לעבנסאַרטן איז ער ניט געוואָרן קיין קול, נאָר א שטילער קלאַנג וואָס טרעט אלע מאָל צוריק, צו רו.

א קלאַנג און א וואָרט —
און איך בין דערהויבן,
פאַרשוואונדן דאָס אָרט,
די האָפנונג, דער גלויבן.

אדער :

איך ווער אזוי ליכט, —
א קלאַנג פון געזאַנגען ;
און אלץ האָט פאַרווייכט,
עס בלייבן נאָר קלאַנגען.

שטיל, האלב ליריש, האלב פילאָזאָפיש שרייבט נפתלי גראָס זיינע לידער, לידער פון א גרינג געמיט מיט ווייסן שיין באהויכט פון א נע־מיטלאַכן דיכטער וואָס זוכט ניט קיין נייע צושטרייאונגען, קיין נייע פאַר־מען, נייע ווענן און גייט ניט אוועק פון זיך: אין די ראַמען פון זיין וואָרט און קלאַנג ברייננגט ער ניט קיין נייע מאָדעס פון שרייבן, וויל זיך ניט פאַרקליידן מיט אומבאַשטימטן מאָדערניזם און עס איז בעסער פאַר זיין אָרט ליד, וואָס איז קלאַסיש געגווגט: ווייל דאָרט, וואו ער האָט געמאַכט א פאַרזוך צו זיין ניי, מאָדערן איז אים ניט נאָר געלונגען, אָבער דאָרט וואו ער איז אליין, הערן מיר זיין צאַרטע שטימע, זיין ווייכן טאָן וואָס ברייננגט אונז אין רו.

נפתלי גראָס איז ניט פון די נייע, יונגע דיכטער און מען קאָן אים צו קיין „גרופּע" ניט צורעכענען, לויט די לעצטע גרופּן וואָס האָבן זיך באשאַפן ארום דער אידישער פּאָעזיע אין אַמעריקע: ער איז ניט קיין ריכטונג־דיכטער און ניט פון גרויסן פאַרנעם—עס איז אָבער דאָ אזא מין שיינער מיטן אין דער אַמעריקאַנער אידישער פּאָעזיע צו וועלכן עס גע־הערן עטלאַכע אויפריכטיקע דיכטער (נפתלי גראָס איז איינער פון זיי) און אין אָט דעם מיטן זיינען זיי באזונדער, אליין.

איינער דרייט זיך ארום זיך,
און א צווייטער רייזט און שפּרייזט ;
יעדער דרייט זיך אין דעם קרייז
וואו מען האָט אים איינגעקרייזט.

אין די לידער פון „דאַבוש" איז פאַראַן פּינבערדיקער ריטם, שאַר־פער אויסדרוק און זיי מעסטן זיך אַז מיט כוח: נאָר דעם עמפּינדלאַכן יונג, דאַבוש, וועט דער „קלוגער חוגי" איבעררייזן און ניט דערלאָזן אים ווייטער גיין אין אייגענע ווענן.



„קאַנאַדע"

נפתלי גראָס רייַנגלט זיך ניט מיט קיינעם. ער האָט געלאָזן די רייניקענישן און די פּלאָנטערס פון דער צייט צו זיינע קאָלעגן: ער רעט זיך נאָר אַראָפּ פון האַרצן זיינע שטימונגען, פילאָזאָפיעס. און אָפּט אַמאָל זינגט ער אונטער אַ געאַנטן שיינעם, גלאַטן נגון מיט קאָליר און געפיל, און איז ווידער פריי אָן פּרעטענזיעס צו זיך; דער פּאָר שאָקירט אים ניט זיין רואיקייט — וויגט ער זיך אַזוי אום פון ליד צו ליד, פון חוני צו דאָבוש און צוריק צו נפתלין, און פון „פּסאַלמען״ צו פערזן, און מיר פאַרגינען אים זיינע דערהויבונגען און זיינע שטרויכלונגען אין זיינע איצטיקע לידער. דער מיטן, וואו ער איז אַליין האָט אים פאַר׳כשופט, ער קאָן זיך פון זיין שטיין ניט אָפּרייסן, די לידער פון די נייערע דיכטער וואָס דערגייען צו אים, גייען אים אויך פאַרביי און ער האָט צוגעקייטלט אַ רינג צו דער קייט פון דער אידישער פּאָעזיע מיט דעם בוך לידער, וואָס זיינען די לידער פון זיין שטיל לעבן.

א. ש. שקאָלניקאָוו.

# רעזאָנאַנסן

## ה. לייוויק אין אייראָפּע

ראובן איזלאַנד האָט שוין אַ פּאָר מאָל אין „אינזל״ אַ זידל געטון לייוויקן פאַר זיינע בריוו פון אייראָפּאַ, און גלאַט אַזוי אים אַ שטורכע געטון פונדערווייטן. אַז לייוויק געפעלט ניט איזלאַנדן, שטעלט עס חלילה קיינעם ניט בדלות, נאָר זידלען און שטורכן זיך, זיך צולאָזן צום האַרצן למאי לייוויק שרייבט ניט אַזוינע בריוו זיי זאָלן דורכאויס אויסנעמען ביי איזלאַנדן. צו וואָס? און — אָט האָט אין „ליטעראַרישע בלעטער״ אַ טאַנץ געטון אַ ברייוועלע אויף פיר — מ. ליכט, סטאָדאָלסקי, קורץ און מינקאָוו, האָבן זיי אויך תרעומות אויף מאַרקישן למאי לייוויק איז לייוויק... למאי מ׳לאָזט אים און מ׳גיט אים און מ׳גילט אים אָפּ ממש. וואָס־זשע ווילן זיי? אַ חלק? זאָלען זיי קומען, שמייכלט צו זיי ממזרש דער קלוגער מאַרקיש וועלן זיי אויך קריגן. טאַקע, וואָס זאָל ער זיי זשאַלעווען? אַז מענטשן ווילן איז דאָך ניט שייך, ווי זאָגט איר, כוין?... מאַרקיש רעקאָמענדירט זיי זיי זאָלן לייענען לייוויקן, ער איז ניט צוטומלט און פאַרשכורט געוואָרן פון די ציטאַטן פון זיינע אייגענע לידער, וואָס זיי שטופּן אים אין נאָז אריין... שמייכלט ער און הייסט זיי לייענען גאָר לייוויקן. און ער טרייסט זיי, אַז פון לייוויקס אומקום־לידער וועט חלילה קיינער און קיין זאַך ניט אומקומען. דאַרפן זיי דאָך אודאי ניט מורא האָבן. און מאָדנע איז דאָס: פונם גאַנצן טאַראַראַם אַרום לייוויקן האָבן זיך די פיר געדאַרפט אַרויסשטעלן סאַמע אין פראָנט און — כאַפּן די ערשטע קוילן. אָך, מענטשן מיט פאַרריסענער פּרעטענציע, מוזן באַווייזן אַלע גרימאַסן פון זייער פּנים... אין תוך איז דאָך דאָס אַזוי נאַטירליך, וואָס לייויק ווערט אַזוי יום־טובדיק אויפגענומען. לייוויק איז אין אונזער ליטעראַטור אַן ערשיינונג. מוז מען עס טאַקע שטענדיק אין אַזעלכע מאָמענטן טייטלען מיט די פינגער אויף די אַלע איינגעזונכטע און ניט אויסגעזוכטע הסרוגות פונם פּאָעט. ווי יעדער אמת׳ער דיכטער, איז לייוויק ניט לויטער מעלות, און אַ שיין ביסל פּגימות האָט אין זיך זיין דיכטונג אויך. ער האָט דאָך אָבער די גרויסע מעלה, וואָס ער איז — לייוויק. איינער פון די פּאָר געציילטע גרויסע דיכטער אונזערע, אַ שטופּע און אַ שטפּל אין אונזער פּאָעזיע. ביי אונז דאָ אין אַמעריקע איז אַלץ

גרוי און וואָכעדיק געוואָרן, ווערט אַלץ געמאָסטן מיט אַ געקאַרגטער מאָס, ווערט אַלץ אַרויסגעזאָגט מיט ניט־פאַרגינערישקייט, מיט פאַרביסענער ענגהאַרציקייט. דאָ ווערט יעדער מונטערער געפיל, יעדע דעררויבנקייט, וואָס רעגט זיך אין אונז אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפל קאַלטן ציניזם. לייוויק האָט דאָס גוט און גענוג געפילט דאָ, און דערפאַר איז זיין פרייד אונזער פרייד. און מיר האָפן אים צו זען אינגיכן ווידער מיט אונז אַ דערפרישטן, אַ דערמוטיקטן.

---

## ווייסנבערג און אָפּאַטאָשו

אין אן אינטערוויו מיט אָפּאַטאָשון ווערט דערציילט (ליטעראַרישע בלעטער), אַז אָפּאַטאָשו קלאָגט זיך שטאַרק אויף דער נאַכלעסיקייט און קולטור־אַרבעט פון די וואַרשעווער שרייבער. ער רעכנט דאָרטן אויס אַ גאַנץ היפּשן צעטל מיט חטאים אויף זיי און גיט זיי עצות און הייסט זיי אַ מוסר אָראָפּנעמען פון די ניו־יאָרקער קאָלעגן, וואָס אַרבעטן, טוען און בויען כמעט אויף פּיתום ורעמסס. מילא, אַרט עס מיר ניט. ער מעג זיך אָנדערציילן וויפיל גוזמאות ער וויל אליין. די גוואַלדאָוונע אויפטוען אונזערע דאָ ווייסן די וואַרשעווער קאָלעגן גאַנץ גוט אַליין. ס'איז ניט קיין באַהאַלטענע זאַך. אגב, האָט עס נחמן מייזל טאַקע באַלד אָפּן ארויסגעזאָגט אין זיין אַרטיקל, וואו ער רעדט זיך דורך וועגן דעמדאָזקן ענין. די זאַך איז אָבער אן אַנדערע: אָפּאַטאָשו האָט זיך דורך דידאָזיקע אויסריידן געזוכט אָפּרעכענען מיט אַ שטיקל שונא זיינעם — ווייסנבערגן. און צוליב דעם לוינט זיך שוין אַלע איבערטרייבונגען און אויפגעבלאָזענעם פּאַטאָס און התלהבות וועגן אונזערע שטורמדיקע כחות דאָ. איך ווייס דערוויל ניט, האָב נאָך אין ערגעץ ניט באַגעגנט וואו ווייסנבערג זאָל האָבן געזידלט אָדער שלעכטס גערעדט אויף אָפּאַטאָשון. אפשר האָט מען ווייסנבערג אין די אויגן, דאָרטן אין וואַרשע געזאָגט אן אמת אָדער אום'אמת, וואָס האָט אים שטאַרק ניט געשמעקט. איך ווייס אויך, אַז ווייסנבערג האָלט ניט קיין גרויסן שלום מיט שלום אַש'ן. נו, קאָן דאָך שלום אַש זיין שטעטל... ניט באַשטיין, און אָפּאַטאָשו מוז זיך פאַר אים אָננעמען, ווי דען? נאָר דאָס וואָס אָפּאַטאָשו זאָגט זיך אַזוי האַסטיק־כעס'דיק וועגן ווייסנבערגן איז שוין גאָרניט קיין שבח אויף אָפּטאָשון. ווי די זאַך זאָל ניט זיין, צי ווייסנבערג שרייבט שוין אַ צייט ניט, צי ער האָט אויף זיין געוויסן לעצטנס ליטעראַריש־עטישע זינד, אָבער אינגאַנצן אַזאַ מאַך טון מיטן האַנט אויף ווייסנבערגן, אויף זיינע ווערק! וואָס־וואָס, קינסטלעריש דאַרף נאָך אָפּאַטאָשו דורכבלאָנדזשען ניט נאָר די פּוילישע נאָר א שיין ביסל אַנדערע וועלדער ביז ער וועט קלאָר קאָנען דערזען די הויך פון ווייסנבערגס גרויסע עטליכע ווערק. ווייסנבערג איז געקומען מיט קלאַסישער געוויכטיקייט. ער איז געקומען אַ קלאַסיקער. ער איז דער ערשטער אין דער ריי פון אונזערע עכטע פּראָזע־דיכטער, וואָס זיינען געקומען נאָך די ערשטע דריי קלאַסיקער אונזערע: מענדעלע, שלום עליכם און פּרץ, דאַן: ווייסנבערג, אַש, בערגלסאָן, ראַבאָי, זינגער, פוקס און — אָפּאַטאָשו.

---

## א. ראַבאָי'ס ראָמאַן „אַ איד איז געקומען קיין אַמעריקע"

אין אַ וואַרימען נאָכמיטאָג, אין מאָנטיסעלאָ, קעטסקילס, האָבן זיך, איך און ראַבאָי, פאַרקליבן אויפן באַרג, וואָס שטייט הינטערן האָטעל וואו מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן אויף אונזער וואקאציע, האָבן זיך גאַנץ באקוועם גע„קאַנאַדע"

מאַכט, ווי ס'איז נאָר ערלויבט אונטער גאָט'ס הימלען, הינטערן וואַנט פון אַ האָטעל, וואו עס דרייען זיך ארום גאָט'ס מענטשן־באַשעפענישן און פילן זיך גוט און גליקלאך, וואויל געשטימט און מונטער. האָבן מיר זיך דורכגעשמועסט וועגן זיך און ווידער וועגן זיך און וועגן גאָט'ס וועלט ווי וויט זי שלאָגט זיך אָן אָן אונז. ווי וויים מיר שלאָגן זיך קאָפּ־אָן־וואַנט אין איר. אויפן דאָרף זיינען מענטשן אָפענער, און ראַבאָי איז פאַר מיר געשטאַנען — אַ צווייטע אָפענע וועלט. דער קינסטלער אין קלאָרסטן ליכט. און — ער האָט פאַר מיר אָנגעהויבן לייענען אַ קאַפּיטל פון זיין נייעם גרויסן ראָמאַן: „אַ איד איז געקומען קיין אַמעריקע. אַ מאָדנע פרייד האָט מיך ארומגענומען פון דער פּשטות, פון דעם ברייטן אָפענעם פּאַרנעם, פון דער קלאָרקייט פון וואָרקייט פון יעדן וואָרט. דאָס איז אַ ווערק, וואָס נעמט אַרום אַ פערטל יאָרהונדערט אידיש־אַמעריקאַניש לעבן. ראַבאָי האַלט אים נאָך אין שרייבן, נאָך אין סאַמע מיטן, פון דעם סטיל, וואָס ער האָט פאַר מיר פאָרגעלייענט צעוואַקסט אַ גאַנץ נייע אידיש לעבן, אַן אָנהויב פון ערשטער איבערוואַנדערונג און נייער אנטוויקלונג. אויף וואָס פאַר אַ ברייטע שטחים ער צעוויקלט עס, צונעמט עס אונטער אַזאַ ליכטיק־קינסטלעריש אויג. און אַזאַ תמימות נעמט אַרום די סביבה, וואָס ער מאָלט, די ספּעציפיש ראַבאָי'אישע תמימות, זיין אידעלער אומגעקינסטלטער סטיל וויגט זיך און און זינגט איבער אַ וועלט פון חלום און וואָר. דער ראָמאַן האָט זיך איצט אָנגעהויבן דרוקן אין דעם דיכטער מילער'ס וואָכנבלאַט „קולטור". ביז דאָס איז דאָס אָרט זיך אָפּצושטעלן באריכות וועגן ראַבאָי'ן. אין זיין פּאַרנעם, (און דאָס זעט זיך קלאָר איבערהויפּט אין דעם דערמאָנטן ראָמאַן) און אין זיין טיף־קינסטלערישן חוש, איז ראַבאָי דער מענדעלע פון אונזער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

י. י. ס.

---

## „קולטור" אין שיקאַגע

„קולטור" — אילוסטרירטער וואָכנבלאַט פאַר ליטעראַטור, קונסט און אַלגעמיינע קולטור ענינים.

אַ ברייטער, לאַנגער, צוזאַגנדיקער נאָמען, אונטער וועלכן עס דאַרף זיך אָפּשפּיגלען דאָס גייסטיקע פון אַמעריקאַנער אידישן לעבן, און עס איז נאָך צו פרי צו זאָגן, אַז דער גוטער וואונטש איז שוין געשען אין די עטלאכע נומערן, וואָס זיינען דערשינען.

שווער, זייער שווער דאַרף זיין די אַרבעט פון אַזאַ ריזיקע אונטערנעמונג ווי די „קולטור" און נאָך אַ וואָכנבלאַט דערצו; מיר ווייסן פון דערפאַרונג ווי אַזוי עס קומט אָן די אונטערנעמער פון מאָנאַטלאכע זשורנאַלן אַרויסגעבן, נאָר אַז דער גרויסער ווילן איז דאָ — וועט דער וואונדער געשען.

שיקאַגע איז אַ גרויסע שטאָט מיט אַ גרויסער אידישער באַפעלקערונג און אַ געניגנדע צאָל אינטעליגענטע מענטשן, וואָס קאָנען אונטערשטעלן זיילן צו אַ וויכטיקן בנין. און לאָמיר האָפן, אַז „קולטור" וועט ווערן אַ שיינע, איינפלוסרייכע וואָכנבלאַט, ארום וועלכער עס וועט זיך טאַקע קאָנצענטרירן דער ערנסטער, לעבעדיקער גייסט פון אַמעריקאַנער, אידישער קולטור.

אויב ל. מילער איז אַזאַ טאַלאַנטירטער רעדאַקטאָר ווי ער איז אַ דיכטער, וועט ער געווים געפינען דעם ריכטיקן וועג פאַר זיין „קולטור" און צו בעסערקייט איז קיין שיער ניטאָ. עס איז דערווייל פיאָנערישע אַרבעט אין שיקאַגע, און אַז עס וועט אים געלינגען וועט ער ארויספירן די „העגעמאָניע" פון ניו־יאָרק אין דער פּראָווינץ. דער אויפטו וועט דאַן זיין אַ גרויסער, וועלן מיר זיך נאָכאַמאָל דורכריידן וועגן דעם אויף די בלעטער פון דעם זשורנאַל.

## דר. חיים זשיטלאָווסקי

צום זעכציג יאָריקן יובילעאום פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, וואָס ווערט אַצינד געפייערט איבער דער גאַנצער אידישער וועלט, קומען מיר באַלאָדן מיט פרייד און מוט צום יום טוב.

עס איז אונז ליכטיק דער וועג צו זיינע אידעען אין זיין אייגענער באַ־לייכטונג און באַלויטונג. אין זיין ליכט אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז די גרויסע געשיכטע פון אַ גרויסען קעמפער פאַר אידיש און פרייער אידישער אויפלע־בונג צווישן די פאָלקס מאַסן אינם נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן גייסט.

ניט גענוג זיינען די פאָר ווערטער פאַר אַ פולער אָפּשאַצונג פון דר. חיים זשיטלאָווסקי, מיר ווילן אין קומנדיקן נומער האָבן אַ לייגגערע אָפּהאַנדלונג; מיר ווילן אָבער ניט פאַרפעלן דעם נאַציאָנאַלען יום טוב, וואָס האָט הינטער זיך אַ רייכע, העראָאישע פאַרגאַנגענהייט, און מיר יובלען מיט דער גאַנצער אידישער וועלט, וואָס גיט אַצינד אָפּ כבוד איר גייסטיקן פירער און מאָדערנעם וועג ווייזער.

---

## פאַר די „תינוקות־של־בית־רבן”...

און איצט, אַז דער העכסטער טריבונאַל פון לאַנד האָט שוין אויסגעהערט די קלוגע טענה פון אונזערע רעפאָרמירטע פאַרזאָרגער, אַז אידן זיינען „פּראָ־טעסטאַנטן” לויט דעם בריטיש נאָרט אַמעריקע אקט און אויך די טענה פון די פּראָטעסטאַנטן און די „פּשוט׳ע” אידן, אַז אום צו זיין פּראָטעסטאַנטן מוז מען פריער גלויבן אין פּאַבסט און נאָכדעם „פּראָטעסטירן” אַנטקעגן אים — נאָך דעם אַלעם ווייס נאָר איין גאָט, וואָס עס וועט ווערן פון דער אידישער שול־פראַגע אין דער פּראָווינץ קוויבעק.

די סיטואַציע איז אַזאַ: די פּראָטעסטאַנטן האַלטן, אַז די פּראָטעסטאַנטישע שולן געהערן צו די פּראָטעסטאַנטן. די אידן־אַסימילאַטאָרן לייקענען דאָס ניט און זענען צופרידן, אַז עס זאָל זיין ווי די פּראָטעסטאַנטן ווילן, נאָר בתנאי, אַז אויך די אידן זאָלן אַנערקענט ווערן פאַר „פּראָטעסטאַנטן”.

ענטפערן די פּראָטעסטאַנטן: ווי קאָנען מיר אייך אַנערקענען פאַר פּראָ־טעסטאַנטן, אַז איר אַנערקענט ניט יעזוס׳ן?

גייט עס, הייסט עס, אין אַ קלייניקייט...

און אַז מען רעדט וועגן סעפּאַראַטע אידישע שולן, דערשרעקן זיך די אידן־אַסימילאַטאָרן און אויך די קאַטויליקן.

וואָס זשע וועט זיין מיט די פערצן טויזנט אידישע שול־קינדער? ביז איצט ווערן זיי נאָך צוגעלאָזן צו די פּראָטעסטאַנטישע שולן, ווייל דער „וואַפנ־שטילשטאַנד” איז נאָך אַלץ אין קראַפט. וואָס וועט זיין שפּעטער?

עס איז געווענט, וואָס עס וועט זיין די אַנטשיידונג פון געריכט. אַז דאָס געריכט וועט ניט נאָכגעבן די נאַרישע טענה, אַז אידן זיינען „פּראָטעסטאַנטן” (מעג עס אפילו זיין בלויז פאַר שול־צוועקן) דאָס שיינט צו זיין זיכער. ניט זיכער איז, וואָס דאָס געריכט וועט האָבן צו זאָגן איבער דער לעגאַליטעט פון סעפּאַראַטע אידישע שולן. אין יענעם טאָג, ווען אונזער רעכט אויף סעפּאַראַטע שולן וועט אַנערקענט ווערן וועט הערשן טרויער אין אונזערע רעפאָרמירטע קרייזן און דעלעגאַציעס וועלן אָן ספק לויפן קיין קוויבעק, זוכנדיק צו פאַר־מיידן די גרויסע קאַטאַסטראָפע!

און די גרעסטע טייל פון דער אַזוי־גערופענער אָרטאָדאָקסיע וועט מסתמא ווידער טאַנצן נאָך דער מוזיק פון רעפאָרם־טעמפּל, ווייל דאָרטן איז עס כמעט „קאַנאַדע”

באַשלאָסן, אַז סעפּאַראַטע אידישע שולן האָבן אויסגעטראַכט די יונגאַטשעס און ראַדיקאַלן, וואָס זוכן אַראָפּצופירן די כשר'ע אידישע קינדער פון גלייכן וועג. אויך זיי זיינען צופרידן צו זיין „פּראָטעסטאַנטן", אַבי דער פּריץ זאָל מסכים זיין און ווייטער נעמען אויף זיך די מצוה פון זאָרגן פאַר די „תינוקות של בית רבן" און זיי דערציען אין גייסט פון תורה און יראת שמים, אַזוי ווי אין פּסוק שטייט...

אַ פיינע קאָמעדיע, אָבער גיט אַזאַ פריילאַכע!

---

## אין היגן אידישן טעאַטער

עס האָט זיך איינגעגעבן שוין צום צווייטן סעזאָן צו האָבן אַ בעסערן אידישן טעאַטער אין מאָנטרעאל ווי אין די פריערדיקן יאָרן.

אויך היינטיקן סעזאָן געפינט זיך אין מאָנטרעאל אַ פיינע און טאַלענטירטע טרופּע אונטער דער דירעקציע פון די האָלענדערס (חנה און איזידאָר). ניט נאָר מערקט זיך אַ בעסערע באַציאונג בײַ די אַזוי־גערופענע ליטעראַרישע פאָרשטעלונגען, נאָר אפילו אין דער אויפפירונג פון מעלאָדראַמעס און אָפּערעטן.

די אומשטענדן, אונטער וועלכע עס קומט אויס צו אַרבעטן פאַר דער אויפהאַלטונג פון אַ אידיש טעאַטער אין אַזאַ שטאָט ווי אונזערע איז זייער אַ שווערע. עס קומט אָפט אויס צו שטעלן צוויי פּיעסן אַ וואָך און דאָס איז פאַרבונדן מיט גרויסער אָנשטרענגונג.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן, ווען עס געלינגט אָנצוהאַלטן דאָס טעאַטער אויף אַ געוויסער הויך, איז עס צום קרעדיט פון דעם דירעקטאָר און דער גאַנצער טרופּע.

דעם פריערדיקן סעזאָן איז דאָ געשפּילט געוואָרן כמעט דער גאַנצער רעפּערטואַר פון דעם ניו יאָרקער קונסט־טעאַטער און איצט איז שוין כמעט ניטאָ וואָס צו שפּילן. מען האָט זיך דאַרום גענומען צוריק צו גאָרדינ'ען און עס איז אויך געשטעלט געוואָרן בימקאָ'ס „גנבים" — אַביסל אַ לאַנגווייליגע פּיעסע, אָבער זייער גוט אויפגעפירט.

פאָרבאַרייטונגען ווערן געמאַכט פאַר דער אויפפירונג פון „שבתי צבי" און אַנדערע פּיעסן פון בעסערן סאָרט. זאָל זיין מיט מזל!

---

## געזעלשאפטלאכקייט

דער דיכטער ל. מילער, רעדאקטאָר פון „קולטור", האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר טעג אין מאָנטרעאל אין די אינטערעסן פון זיין וואָכנבלאַט. האָט געהאַלטן צוויי עפנטלאַכע לעקציעס איבער צוויי אינטערעסאַנטע טעמעס: „וואָלט וויטמאַן" און „אימפּרעסיאָניזם־עקספּרעסיאָניזם אין דער אידישער ליטעראַטור" און איין אינטימען אָוונט פאַרבראַכט מיטן י. ל. פּרץ קלוב, און עס האָט זיך מיט ל. מילער'ס קומען אין מאָנטרעאל אָנגעהויבן דער ווינטער־סעזאָן פאַר קולטורעלער און געזעלשאַפטלאַכער אַרבעט.

# „דער אינזל“

חודש זשורנאל פאַר
ליטעראטור און קונסט

---

דערשיינט רעגלמעסיק אין נו יאָרק
מיט דער נאָענטער מיטאר־
בעטערשאפט פון

ר. אייזלאנד, זישא לאנדוי,
מאַני לייב, א. ראַבאָי, ד. קא־
זאנסקי, מ. גראָס און אנדערע.

---

נומער 10 שוין דערשינען

---

פרייז : 25 סענט
יארלאַכע אַבאָנעמטן : $2.50

---

254 Henry St.,
New York

---

ל. גאָלדסמיט
ס. פרידמאַן
ל. קאָהען
י. שוואַרץ
מ. טראָסמאַן

באגריסען די דערשיינונג פון
„קאנאדע“

---

## יונה מייערסאָן

באגריסט די דערשיינונג פון דעם
דריטן נומער „קאנאדע“

---

## זאַלצבערג

ווינשט דערפאָלג און לאנגע יאָר
די דערשיינונג פון „קאנאדע“

---

# „קולטור“

אילוסטרירטע וואָכנבלאט פאר
ליטעראטור, קונסט און אלגע־
מיינע קולטור ענינים.

---

דערשיינט יעדן פרייטיק אין
שיקאגא אונטער דער רעדאקציע
פונם דיכטער

## ל. מילער

---

פרייז : 10ס. אַ קאָפּיע
אַבאָנעמטן : $5.00 יארלאך.

---

1126 Blue Island Ave.,
Chicago, Ill.

---

## ל. פיטש, ק.ס.

אדוואָקאט
83 קרעיג גאַס וו.
לאנקאסטער 7621
באגריסט דעם דריטן נומער
„קאנאדע

---

## מייקעל גאַרבער

ב. א., ב. ס. ל.
אַ ד ו ו אָ ק אַ ט
120 סט. דזשיימס גאס
מעין 0887
באגריסט דעם זשורנאל
„קאנאדע“

---

## מר. און מרס. קראַשינסקי

פון 1053 סט. אורבען גאס

באגריסן די דערשיינונג פון
„קאנאדע“

# באַגריסונגען

צו דער דערשיינונג פונם דריטען נומער „קאַנאַדע" פון די מיטגלידער פון דעם

## מאָנומענט נאַשיאָנאַל טעאַטער

חנה און איזידאָר האָלענדער, דירעקטאָרען

י. מיטניק, מענעדזשער

מ. ב. סאַמואילאָוו

מר. און מרס. מרדכי און אַרעלאַ שוואַרץ

יעקב זאַנגער

איידא גראַפּער

לעאָן ווידענבערג

קלאַראַ מאַרגאָלין

חיים יאַבלאָקאָוו

דינאַ גאָלדבערג

חיים טויבער

מרס. וואָלקאָוו
מיטהעלפּערן אין טעאַטער

ל. סירקין, סופלאָר

א. גרינבערג, סעקרעטאַר

„קענעדער אדלער" דרוקעריי.